אויגוסט סטרינדבערג

# די פערברעכער

איבערזעצט דורך : ל. באליוזע.



פערלאג :
מ. יאַנקאָוויטץ
139 דיוויזשיאָן סט., ניו יאָרק.
Published bo MAX YANKOWITZ,
139 Division St., New York.

## פערזאָנען :

מאורים, אַ דראמאטורג.
זשעאנע, זיין פריינדין.
מאריאַן, זייער טאָכטער 5 יאָהר אַלט.
אדאָלף, אַ מאהלער.
העגריעטא, זיין פריינדין.
עמיל, אַן ארבייטער, זשעאנע׳ס ברודער.
מאדאם קאטהערינא.
דער אבבע, דער הויפט גלח פון אַ קלויסטער.
דער קאָמיסאר.
דער וועכטער.

האַנדלונגס־אָרט : פּאַריז.

# ערשטער אַקט.

---

(ערשטעס בילד).

די סצענע שטעלט מיט זיך פאָר די אויבערשטע אַלעע מיט צופרעסען אויפ'ן מאָנטפערנאַסער בית־עולם אין פּאַריז. אין הינטערגרונד זעהען זיך טויטען־שטיעבלעך און שטיינערנע צלמים, אויף וועלכע ס'איז אויסגעקריצט "O Crux! Ave Spes Unica! און אויך די רואינען פון אַ ווינד־מיהל בע־וואקסען מיט גרינע בלעטלעך.

אַ נעט געקליידעטע פרוי אין טרויער ליגט אויף די קניע פאר אַ קבר פערפּוצט מיט בלומען, און מורמעלט תפילות.

זשעאַנע געהט אויף און אָב, און זעהט אויס ווי זי ערוואר־טעט אימיצען. מאריאַן שפּיעלט זיך מיט פערוועלקטע בלומען וועלכע זי האָט אויפגעהויבען פון אַ הייפעלע מיסט, וואָס ליעגט אין דער זייט וועג. דער אבבע לעזט עטוואָס פון זיין קאטוילישעס געבעט־בוך און געהט זיך אַזוי לאַנגזאַם אַרונטער די אַלעע.

דער וועכטער. (קומט, געהט גלייך צו צו זשעאַנע) הערט גור, דאָ איז ניט קיין שפּיעל־פּלאַץ!

זשעאַנע. (אונטערטעניג) איך ווארט דאָ נור פאר אימי־צען וועלכער דארף באַלד אַנקומען.

דער וועכטער. דאָס קען זיין; אבער איהר טאָרט דאָ ניט אויפהייבען קיין בלומען.

זשעאַנע. (צו מאַריאַן) לייג די בלומען אוועק, מיין קינד!

דער אבבע. (קומט צו, ווערט געגריסט פון וועכטער) טאָר זיך דען דאָס קינד ניט שפּיעלען מיט די אוועקגעוואָרפענע בלומען?

דער וועכטער. דאָס געזעץ פערבאָט דאָ אנצוריהרען זאָגאר די בלומען וואָס ווערען אוועקגעווארפען, ווייל מען גלויבט

אז זיי קענען פערשפרייטען אנשטעקענדע קראנקהייטען — צו דאָס איז אמת אָדער ניט, דאָס ווייס איך ניט.

ד ע ר  אַ ב ב ע. אויב אַזוי, בלייבט פאר אונז מעהר ניט ווי צו געהאָרכען. ווי הייסטו מיין קליינינטשקע?

מ אַ ר י אַ ן. איך הייס מאַריאַן.

ד ע ר  אַ ב ב ע. און ווער איז דיין פאָטער?

(מאַריאַן שווייגט און בייסט איהרע שפּיץ פינגער).

ד ע ר  אַ ב ב ע. פערצייהעט מיין פראגע, מאדאם. איך האָב דערמיט גאר נישט געמיינט, איך שפּאַס נור אום די קליינע צו בערוהיגען.

(דער וועכטער געהט אַוועק).

ז ש ע אַ נ ע. דאָס האָב איך גלייך פערשטאַנען, עהרווירדיגער פאָטער, און איך ווינש אז איהר זאָלט מיר אויך עפּעס זאגען, אום מיך צו בערוהיגען, ווייל איך פיהל זעהר אונרוהיג נאָך די צוויי שעה וואָס איך האָב דאָ געוואַרט.

ד ע ר  אַ ב ב ע. צוויי שעה! און אויף איהם! ווי די מענשען קענען זיך דאָס קוועלען! “O Crux! Ave Spes Unica!”

ז ש ע אַ נ ע. וואָס בעדייטען דיזע ווערטער, וואָס זענען דאָ איבעראַל אויפגעשריבען?

ד ע ר  אַ ב ב ע. דאָס בעדייטעט: אָה, קרייץ! אונזער איינציגע האָפנונג!

ז ש ע אַ נ ע. אונזער איינציגע?

ד ע ר  אַ ב ב ע. אונזער איינציגע, זיכערע!

ז ש ע אַ נ ע. איך פאנג באלד אָן צו גלויבען אז איהר האָט רעכט, פאָטער.

ד ע ר  אַ ב ב ע. מעג איך פרעגען ווארום?

ז ש ע אַ נ ע. איהר האָט עס שוין בעמערקט. ווען ער קען אַ פרוי און קינד לאָזען ווארטען צוויי שעה אויף אַ בית עולם, דאַן מוז שוין די ענדע ניט וויט זיין.

ד ע ר  אַ ב ב ע. און ווען ער האָט אייך פערלאָזען, נו —

ז ש ע אַ נ ע. קומט אונז אוים צו געהן צום טייך און זיך דערטרינקען!

דער אבבע. אך, ניין! ניין!

זשעאנע. יא, יא!

מאריאן. מאמא, איך וויל געהן א היים, איך בין הונג־דיג.

זשעאנע. מיין געליבטעס קינד, נאך איין ביסעלע געדולד, און מיר וועלען גלייך קענען געהן.

דער אבבע. וועה, וועה צו די, וועלכע רופען דאס שלעכטע גוטעס און דאס גוטע שלעכטעס.

זשעאנע. וואס טהוט די פרוי דארט ביי'ם קבר?

דער אבבע. עס שיינט אז זי רעדט צום טויטען.

זשעאנע. איז אויך געווען צווישען זיי פרויען?

דער אבבע. זי קען דאס יא.

זשעאנע. דאס הייסט, אז די ענדע פון אונזער לעבען איז נאך ניט די ענדע פון אונזער עלענד?

דער אבבע. און איהר ווייסט דאס נישט?

זשעאנע. וואו קען איך דאס לערנען?

דער אבבע. הם'! ווען איהר וועט א צווייטען מאל פיה־לען, אז איך ווילט זיך עטוואס לערנען איבער דיזען העכסט וויכ־טיגען ענין, קענט איהר מיך געפינען אין דער ביי־קירכע פון אונ־זער ליעבע פרוי אין סאנט־זשערמען קלויסטער. — זעהט, דארט קומט געווים דער, וועמען איהר ערווארטעט.

זשעאנע. ניין, דאס איז ניט דער, אבער איך קען איהם אויך.

דער אבבע. (צו מאריאן) זיי געזונד, מיין קליינינטשקע! — און גאט זאל איבער דיר שטענדיג וואכען. (קושט דאס קינד און געהט אוועק) אין סאנט־זשערמען דעם פרעם!!

עמיל. (קומט) גוט מארגען, שוועסטער; וואס טהוסטו דא?

זשעאנע. איך ווארט פאר מאורים'ען.

עמיל. אויב אזוי, האסטו א שעהן ביסעל צו ווארטען, ווייל איך האב איהם געזעהן, מיט א שטונדע צוריק אויפ'ן בולוואר מיט א פאר פון זיינע פריינד. — גוט מארגען, קליינע מאריאן! (קושט דאס קינד).

זשעאנע. אבער דאס קען מען דאך ניט?

ע מ י ל. יא, נאַטירליך. אבער קיין שלעכטס קען דערביי ניט זיין. ער איז א דראַמאַטורג, און היינט ביינאכט ווערט אויפגעפיהרט זיין נייע דראַמא, דענק איך, אז די וואָס זענען מיט איהם געזעסען האָבען געמוזט זיין שויששפיעלערינס.

זשעאנע. האָט ער דיך דערקענט?

ע מ י ל. ניין, ער ווייסט ניט, ווער איך בין; און דאָס בע־דאַרף ער אויך ניט וויסען! איך ווייס מיין פּלאַץ אַלס ארבייטער, און האָב פיינד צו זעהן, אז דער וואָס שטעהט העכער פון מיר, לאָזט זיך ארונטער צו מיר.

זשעאנע. אבער ווען ער זאָל אונז פערלאָזען אהן א שום מיטעל צום לעבען?

ע מ י ל. נו, זעהסטו, ווען עס וועט שוין האַלטען אזוי וויט, וועל איך זיך פאַר איהם פאָרשטעלען. אבער דאָס קען ניט פּאַסי־רען, ווייל דו זעהסט דאָך אליין ווי ליעב ער האָט דיך, או זווי שטארק ער פיהלט זיך צוגעבונדען צום קינד.

זשעאנע. איך ווייס ניט; אָבער מיר דאַכט זיך, אז עטוואָס פורכטבאַרעס שטעהט מיר פאָר!

ע מ י ל. האָט ער דיר פערשפּראָכען חתונה צו האָבען מיט דיר?

זשעאנע. ניין, ניט אקוראַט צוגעזאָגט, אבער ער האָט מיר געגעבען האָפנונגען.

ע מ י ל. האָפנונגען, יא, עראינערסטו זיך די ווערטער וואָס איך האָב דיר אין אָנפאַנג געזאָגט: האָף אויף גאַרנישט! ווייל די וואָס שטעהען העכער פון אונז, פערהייראטהען זיך ניט מיט די וואָס שטעהען נידריגער פון זיי.

זשעאנע. אָבער אזעלכע זאכען האָבען דאָך שוין פּאַ־סירט.

ע מ י ל. יא, האָבען שוין פּאַסירט. אבער דענקסטו, אז וועסט זיך קענען פיהלען אין זיין אומגעבונג ווי אין א היים? דאָס דענק איך אז ניט, ווייל דו וועסט אפילו ניט פערשטעהן ווי זיי רעדען. איך עס אמאָל אין דער קיך פון דעם זעלבען רעסטאַראַנט וואו ער עסט און פאנג קיינמאָל ניט אָן צו בעגרייפען קיין איין וואָרט וואָס

זיי רעדען צווישען זיך.

ז ש ע א נ ע. אזוי, דו עסט אין דעם זעלבען פלאץ?

ע מ י ל. יא, אין דער קיך.

ז ש ע א נ ע. און, דענק נור, ער האט מיך קיינמאל ניט גע־בעטען, אז איך זאל מיט איהם דארט מיטגעהן.

ע מ י ל. זעהסטו, אין דעם ליגט די אויפריכטיגקייט זיינע, און דאס בעווייזט אז ער רעספעקטירט די מוטער פון זיין קינד, ווייל די פרויען דארטען זענען פון א גאנץ בעזונדערע געזעלשאפט.

ז ש ע א נ ע. אזוי?

ע מ י ל. אבער מאורים׳ען געהן זיי גאנץ ווייניג אן. איך דענק, אז מיט דעם מאן מוז זיין עפעס אנדערש.

ז ש ע א נ ע. דאס דענק איך אויך, אבער ווען א פרוי גע־פינט זיך אין וועג פון א מאן, הערט ער אויף צו עקזיסטירען.

ע מ י ל. נארישקייטען. אבער, הער נור, דארפסט עפעס געלד?

ז ש ע א נ ע. ניין, דאס ניט.

ע מ י ל. נו, איז מסתמא נאך ניט אזוי שלעכט. — זעה, דאר־טען הינטען אין דער אלעע! יעצט קומט ער! איך פערלאז אייך! זיי געזונד, מיין קינד!

ז ש ע א נ ע. ער קומט? יא, דאס איז ער!

ע מ י ל. ברייננ איהם יעצט ניט אין כעס מיט דיין אייפער־זוכט, זשעאנע! (אב).

ז ש ע א נ ע. געוויס ניט! (מאורים קומט).

מ א ר י א ן. (לויפט איהם אקעגען, ער הייבט זי אויף אין זיינע ארימס) פאפא, פאפא!

מ א ו ר י ס. (קושט דאס קינד) מיין ליעבעס, מיין טהייערעס קינד! (גריסט זשעאנען) קענסטו מיר פערגעבען וואס איך האב דיך געלאזט אזוי לאנג ווארטען?

ז ש ע א נ ע. געוויס קען איך דאס.

מ א ו ר י ס. אבער זאג עס אין אזא טאן, אז איך זאל קענען פיהלען, אז דו האסט מיר פערגעבען.

ז ש ע א נ ע. קום אהער, און איך וועל עס דיר ארייננשוש־

קען אין אויער אריין. (מאורים דערנעהענטערט זיך צו איהר, זשעאַנע קושט זיין באק).

מ א ו ר י ס. איך האָב ניט געהערט.

(זשעאַנע קושט איהם אויף די ליפּען.)

מ א ו ר י ס. יעצט האָב איך עס געהערט! — נו — דו ווייסט דאָך, אז היינט ביינאכט דאַרף ענטשידען ווערען מיין שיקזאל; מיין דראַמאַ וועט היינט ביינאכט געשפּיעלט ווערען, און האָט אויסזיכטען אויף אַן ערפאָלג — און אויף א דורכפאַל.

ז ש ע א נ ע. איך וועל בעטען פאר דיר, און דאַן וועסטו זיכער האָבען אַן ערפאָלג.

מ א ו ר י ס. אַ דאַנק; אויב עס וועט ניט העלפען, וועט עס אָבער זיכער קיין שאָדען ניט טהון! — דו זעהסט, דאָרט הינטען אין טהאָל, וואו דער געדיכטער טומאַן ליגט, דאָרט איז פּאַריז! היינט ווייסט נאָך פּאַריז ניט ווער מאורים איז, אָבער אין פיער און צוואַנציג שעה ארום וועט זי דאָס וויסען. דער וואָלקען פון רויך וועל־כער האָט מיך געהאַלטען פערבאָרגען אין זיך, וועט פערשוואונדען ווערען פון מיינעם אָן איין איינציגען הויך, און איך וועל זיכטבאר ווערען, און אָננעהמען א בעשטימטע געשטאַלט, און אָנהויבען אי־מיצער צו ווערען. מיינע פיינד — וואָס דאָס מיינט, אלע וואָס ווילען טהון דאָס וואָס איך האָב געטהון — וועלען אויפגעפרעסען ווערען פון שמערצען שרייבענדיג, און דאָס וועט מיר פערשאַפען פערגעני־גען, ווייל זיי וועלען דורכליידען די אַלע ליידען וועלכע איך האָב געליטען.

ז ש ע א נ ע. רעד ניט אזוי, נישט אזוי!

מ א ו ר י ס. דאָך, עס איז דאָך אזוי.

ז ש ע א נ ע. יא, אבער זאָג עס נישט! — און דאַן?

מ א ו ר י ס. דאַן זענען מיר אונטער א דאך אויף א פעסטען באָדען, און דו און מאַריאַן וועלען טראַגען דעם נאָמען, וועלכען איך האָב בעריהמט געמאכט.

ז ש ע א נ ע. דו ליעבסט מיך אלזאָ?

מ א ו ר י ס. איך ליעב אייך ביידע; איינע גלייך ווי די אנ־דערע, פיעלייכט מאַריאַן אביסעל מעהר.

ז ש ע א נ ע. דאָס פרעהט מיך. ווייל איך קען דיר נאָך אמאָל איבערדריסיג ווערען, אָבער זי נישט.

מ א ו ר י ס. דו האָסט ניט קיין צוטרויען צו מיינע געפיהלען?

ז ש ע א נ ע. איך וויים ניט; אבער איך שרעק זיך עפּעס, שרעק זיך פאר עפּעס פורכטבארעס.

מ א ו ר י ס. דו ביזט מיעד און צושטרייט פון דיין לאנגען ווארטען, וואָס איך בעט דיך נאָך אמאָל מיר דאָס צו פערציילען: וואָס האָסטו זיך צו שרעקען?

ז ש ע א נ ע. פאר דאָס אונפאָראויסגעזעהענע; דאָס וואס מען קען אהנען אָהן בעשטימטע גרינדע דערצו.

מ א ו ר י ס. איך זעה נור פאר זיך ערפאלג און האָב בע־שטימטע גרינדע דערצו: די זיכערע האָפנונג פון די טהעאטער לייטע און זייער קענען דאָס פּובליקום, שוין ניט רעדענדיג פון זייער פּערזענליכער בעקאנטשאפט מיט די קריטיקער! דו זעהסט, דו דאַרפסט ניט זיין אונרוהיג.

ז ש ע א נ ע. איך קען ניט! איך קען ניט! ווייסטו, דאָ איז פריהער געווען אן אבבע פון אַ קירכע, וועלכער האָט צו אונז זעהר שעהן גערעדט. מיין גלויבען — וועלכען דו האָסט ניט אויסגעלאַ־שען, אבער איהם צוגעדעקט ווי מען דעקט צו אַ פענסטער מיט קרייד דאָס ריין צו מאכען — האָט מיר ניט געקענט קומען צו הילף, אָבער דער אלטער האָט דורכגעפיהרט מיט זיין האנד איבער דעם קרייד, און דאָס ליכט האָט אָנגעפאנגען צוריק אריינצושטראמען, — היינט ביינאכט וועל איך בעטען פאר דיר אין סאנט־זשערמען.

מ א ו ר י ס. יעצט פאנג איך זיך אָן צו שרעקען.

ז ש ע א נ ע. די מורא פאר גאָט איז דער אָנפאנג פון פער־שטעהן.

מ א ו ר ס. גאָטט? וואָס איז דאָס? ווער איז ער?

ז ש ע א נ ע. דאָס איז דער וואָס האָט געגעבען פרייד דיין יוגענד, און קראפט דיין מאנסבילשאפט, און דאָס איז דער, וועלכער וועט אונז דורכטראגען און בעשיצען פון אלע אומגליקען וואָס שטעהט אונז פאָר.

מ א ו ר י ס. וואָס שטעהט אונז פאָר? וואָס ווייסטו!?

וואו האסטו געלערענט דאס וואס איך אליין ווייס ניט?

זשעאנע. דאס קען איך ניט זאגען; איך האב ניט גע־חלומ׳ט, ניט געזעהן, ניט געהערט; אבער וועהרענד די צוויי שרעקלי־כע שעה האב איך אזוי פיעל אונענדליכע שמערץ דורכגעלעבט, אז איך בין יעצט גרייט צו בעגעגענען דאס ערגסטע.

מאריאן. איך וויל געהן א היים, מאמא, איך בין הונגע־ריג.

מאורים. יא, דו וועסט יעצט געהן אהיים, מיין טהייער קינד. (נעהמט איהר אין זיינע ארימס, קושט איהר און דריקט זי שטארק צו זיך.)

מאריאן. (צוקט צוזאמען) אה, דו טהוסט מיר וועה, פא־פא.

זשעאנע. מיר מוזען זיין פאר מיטאג אין דער היים. זיי געזונד, מאורים, און איך ווינש דיר גליק!

מאורים. (צו מאריאן) וואו האב איך דיר וועה געטהאן, קינד מיינס? דו ווייסט דאך, אז איך וויל נור זיין גוט צו דיר.

מאריאן. אויב דו ביזט גוט, קום מיט אונז מיט אהיים.

מאורים. (צו זשעאנע׳ן) ווען איך הער דאס קינד אזוי רע־דען, ווייסטו, פיהל איך עס אזוי צו טהון ווי זי זאגט; אבער דא קומט די פערנונפט און די פפליכט און פראטעסטירט — זיי געזונד, מיין טעכטעריל (קוסט דאס קינד וועלכע האלט איהם פעסט ארומגענומען ארום האלז מיט די הענטעלעך).

זשעאנע. ווען וועלען מיר זיך ווידער טרעפען?

מאורים. מיר וועלען זיך טרעפען מארגען, טהייערע, און דאן וועלען מיר זיך שוין קיינמאל ניט שיידען.

זשעאנע. (אומארמט איהם) זיך קיינמאל, קיינמאל ניט שיידען. (זי מאכט דעם צייכען פון א קרייץ אויף זיין שטערן) זאל דיך גאט בעשיצען!

מאורים. (געריהרט געגען זיין ווילען) מיין טהייערע גע־ליעבטע זשעאנע!

(זשעאנע און מאריאן געהען נאך רעכטס; מאורים נאך לינקס, און

אין דער זעלבער צייט ווענדען זיי זיך איינס צום צווייטען און וואר־פען זיך קושען).

מ א ו ר י ס. (קומט צוריק) איך שעהם זיך! אימער פערגעס איך אן דיר, און דו אליין דערמאהנסט זיך קיינמאל ניט. דא האב איך א בילעט פאר דיר פאר היינט ביינאכט.

ז ש ע א נ ע. איך דאנק דיר, מיין פריינד, אבער דו זיי אליין אויף דיין פאסטען; — און איך וועל אויף מיינעם זיין מיט מאר־יאנ׳ען.

מ א ו ר י ס. דיין פערשטאנד איז אזוי גרויס ווי דו גוטסקייט פון דיין הארץ. יא, איך בין זיכער, אז קיין אנדערע פרוי וואלט ניט געאפפערט איהר לעבענס־פערגעניגען אום צו דינען איהר מאן — היינט ביינאכט מוז איך פריי זיין, אום זיך צו קענען ריהרען; און אויפ׳ן שלאכט־פעלד נעהמט מען קיין פרויען און קינדער ניט מיט— און דאס האסטו פערשטאנען.

ז ש ע א נ ע. מאורים, דענק ניט צו הויך פון אן אונבעדייי־טענדע פרוי, און דאן ועסטו פערשפארען צו פערלירען דיינע אי־לוזיאנען! — און יעצט וועסטו זעהן אז איך קען זיך פערגעסען גראדע ווי דו — איך האב דיר געקויפט א קראוואט און א פאר האנדשוה און וויל אז זאלסט זיי אנטהון צוליעב מיר אויף דיין עה־רען־טאג.

מ א ו ר י ס. (קושט איהר די האנד) א דאנק, טהייערע!

ז ש ע א נ ע. און הערסט, מאורים, זאלסט ניט פערגעסען, ווי דו טהוסט עס אימער, אריינצוגעהן צום פריזירער און לאזען דיר פערקעהמען שעהן די האר. איך וויל, אז דו זאלסט זיין אזוי שעהן, אז אנדערע זאלען דיך אויך ליעב האבען.

מ א ו ר י ס. דו ביזט ניט אייפערזיכטיג, דו?

ז ש ע א נ ע. דערמאהן ניט דאס ווארט; עס ערוועקט שלעכ־טע געדאנקען.

מ א ו ר י ס. ווייסטו, אין דיעזען אויגענבליק פיהל איך, אז איך וואלט געקענט אויפגעבען דעם גאנצען זיעג פון היינט אוונד, — ווארים איך וועל זיעגען.

ז ש ע א נ ע. שטיל — שטיל!

מ א ו ר י ס. און אייך בעגלייטען א היים!

ז ש ע א נ ע. אָבער דאָס זאָלסטו ניט טהוען! געה; דיין שיק־זאל ווארט פאר דיר!

מ א ו ר י ס. נו, לעב־וואָהל! און זאָל געשעהן דאָס, וואָס עס מוז געשעהן. (געהט אַוועק).

ז ש ע א נ ע. (אַליין מיט מאַריאָן). אָה, קרייץ, אונזער איינ־ציגע האָפנונג!

(פאָרהאנג).

(צווייטעס בילד)

קאטהערינא׳ס קאַפּעע־הויז; רעכטס אַ בופעט, אויף וועלכען עס געפינט זיך אַן עקוואריום מיט גאָלדענע פישעלעך, גריג־צייגען, פרוכטען, איינגעמאכטסען, א. ז. וו. אין הינטער־גרונד אַ טהיר וועלכע פיהרט אין קיך וואו אַרבייטער האַלטען זיך אויף, און דורך די הינטער־וואנד פון קיך זעהט זיך אַן אויסגאנג אין גאָרטען. לינקס אין הינטער־גרונד אַ קאָנטער און הינטער דעם פּאָליצעס מיט אַלערליי פלעשער. רעכטס אַ לאַנגער טיש מיט אַ מאַרמאָר־דעק וועלכער שטעהט דורך דער לענג ביים סאַמע וואנד, און פּאַראַלעל צו איהם נאָך איינער אין מיטען צימער; אַרום די טישען שטעהען געפלאָכטענע שטוהלען. די ווענט זענען באדעקט מיט מאהלערייען.

פרוי קאַטהערינא זיצט אונטער דעם קאנטער. מאורים שטעהט אָנגעלעהנט אויפ׳ן קאָנטער, דעם הוט אויפ׳ן קאָפּ, און רויכערט אַ סיגארעט.

ק א ט ה ע ר י נ א. אַלזאָ, היינט ביינאכט וועט מען דאַר־פען פאר אייך קלאפען, הערר מאורים?

מ א ו ר י ס. יא, היינט ביינאַכט!

ק א ט ה ע ר י נ א. פיהלט איהר אייך אונרוהיג?

מ א ו ר י ס. גאַנץ רוהיג!

ק א ט ה ע ר י נ א. נו, איך יעדענפאלס ווינש אייך גליק, און איהר פערדיענט עס הערר מאורים, וואָרום לייכט איז עס אייך ניט אָנגעקומען, איהר האָט געהאט צו קעמפּפען מיט זעהר א סך שוועריגקייטען.

מ א ו ר י ס. איך דאנק אייך, פרוי קאטהערינא, איהר זענט צו מיר געווען זעהר גוט, און אהן אייער הילף וואלט איך שוין לאנג געלעגען אונטער'ן אייז.

ק א ט ה ע ר י נ א. צו וואס רעדען דערפון; איך העלף וואו איך זעה ארבייט און א גוטען ווילען, אבער איך האב אויך פיינד צו ווערען עקספלואטירט. קענען מיר זיך אויף אייך פערלאזען, דאס נאך דער פארשטעלונג וועט איהר אהער קומען און מיט אונז צוזא־מען אויסטרינקען א גלעזעל?

מ א ו ר י ס. נו, געוויס קענט איהר זיך דערויף פערלאזען. איך האב דאס דאך אייך שוין איינמאל פערשפראכען.

(הענריעטא קומט אריין פון רעכטס).

(מאוריס דרעהט זיך אום, הויבט דעם הוט, קוקט איהר אן, און אין דער זעלבער צייט בעטראכט זי איהם מיט גרויס אויפמערקזאמקייט).

ה ע נ ר י ע ט א (צו קאטהערינא'ן) איז הער אדאלף דא נאך ניט געווען?

ק א ט ה ע ר י נ א. ניין מאדאם! אבער ער וועט דא באלד זיין. זייט אזוי גוט זיצט א ווייל.

ה ע נ ר י ע ט א. א דאנק! איך וועל ליבערשט ווארטען אין דרויסען. (געהט ארויס).

מ א ו ר י ס. ווער — איז — דאס — געווען?

ק א ט ה ע ר י נ א. דאס איז דאך געווען הערר אדאלף'ס פריינדין.

מ א ו ר י ס. דאס — איז — זי?

ק א ט ה ע ר י נ א. האט איהר זי דען נאך ניט געזעהן?

מ א ו ר י ס. ניין, ער האט זי פאר מיר בעהאלטען, פונקט ווי ער וואלט מורא האבען, איך זאל זי פון איהם ניט צונעהמען.

ק א ט ה ע ר י נ א. האהא! — נו, ווי דענקט איהר, זעהט זי אויס?

מ א ו ר י ס. ווי זי זעהט אויס? ווארט נור; ניין, דאס קען איך ניט זאגען — איך האב זי ניט געזעהן. ווארים ס'האט אויסגע־זעהן ווי זי פליהט גלייך אריין אין מיינע ארימס, און זי איז געווען אזוי נאהענט צו מיר, אז איך האב גארניט געקענט זעהן איהרע

געזיכטס־ציגע; און זי האָט מעהר ניט ווי געלאָזען אַ שפּור אונטער זיך אין דער לופט. איך קען נאָך יעצט זעהן, ווי זי שטעהט דאָרט (ער געהט צו צו די טהיר און מאַכט אַ מינע ווי ער לעגט אָרום זיין האַנד אַרום עמיצען...) אָה! (מאַכט אַ גרימאַסע ווי ער וואָלט זיך פערשטאָכען אַ פינגער) זי האָט שפּילקעס אין קאָרסעט. זי איז פון די וואָס שטעכען!

קאַטהערינא. (שמייכעלט) אָך, איהר זענט צו משוגע מיט אייערע דאַמען!

מאַוריס. יע, ס'איז משוגעת, ניט מעהר ווי משוגעת! אָבער ווייסט איהר, מאַדאַם קאַטהערינאַ, איך געה שוין, איידער זי קומט צוריק, ווען ניט, ווען ניט — אָך, וואָס פאַר אַ שרעקליכע פרוי דאָס איז געווען!

קאַטהערינא. — שרעקט אייך דען?

מאַוריס. יאָ, איך שרעק זיך פאַר זיך אַליין, און שרעק זיך אויך פאַר אייניגע אַנדערע.

קאַטהערינע. אויב אַזוי, געהט!

מאַוריס. דענקט נור, ווען זי האָט זיך אַרויסגעגליטשט דורך דער טהיר, איז ענטשטאַנען אַ קליינער ווירבעל־ווינד, וועלכער האָט מיך מיטגעצויגען — יאָ, איהר מעגט לאַכען — אָבער קענט איהר דען ניט זעהן ווי די פּאַלמע בעוועגט זיך נאָך דאָרט אויפ'ן בופעט? דאָס איז געווען אַ פרויען־טייפעל! אַן אמת'ע לילית!

קאַטהערינאַ. אָך, געהט דאָך, מענש, איידער איהר פערלירט אין גאַנצען דעם פערשטאַנד.

מאַוריס. איך וויל געהן, אָבער איך קען ניט — גלויבט איהר אין שיקזאַל, פרוי קאַטהערינאַ?

קאַטהערינאַ. ניין, איך גלויב אין אַ גוטען גאָט, וועלכער פערהיט אונז פון בייזע קרעפטען, ווען מיר בעטען דאָס ביי איהם מיט אַן אמת'ע האַרץ!

מאַוריס. אַלזאָ, נאָך אַלעמען איז יע דאָ בייזע קרעפטען! מיר דוכט זיך אַז איך הער זיי יעצט אין קאָרידאָר?

קאַטהערינאַ. יאָ, געוויס, איהרע קליידער רוישען פאַר

איך ווי די לייוועגד וועלכער דער קרעמער רייסט פון שטיק. געהט איך יעצט! — געהט דורך די קיך!

(מאורים איילט צו דער קיך־טהיר וואו ער שטויסט זיך אָן מיט עמיל׳ן)

ע מ י ל. אַך, ענטשולדיגט! (טרעט צוריק פון וואנען ער איז געקומען).

(אדאָלף קומט צוערשט, און נאָך איהם הענריעטא).

אַ ד אָ ל ף. אָה, זעה נור, דאַ איז מאורים! גוטען טאָג! ווי געהט׳ס פריינד! איך האָב די עהרע פאָרצושטעלען מיין פריינדין פאר מיין בעסטען און עלטסטען פריינד. פריילין הענריעטא, הערר מאורים.

מ א ו ר י ס. (מיט אַ שטאַרקע שטימע) זעהר אנגענעהם!

ה ע נ ר י ע ט א. מיר האָבען זיך שוין געזעהן.

אַ ד אָ ל ף. אזוי? ווען דען? אויב ס׳איז ערלויבט צו פרע־גען.

מ א ו ר י ס. מיט א מינוט צוריק! — טאקע דאָ!

אַ ד אָ ל ף. אַך אזוי! אבער יעצט מאָרסטו ניט אוועקגעהן. איידער מיר ווערלען זיך אביסעל דורכרעדען.

מ א ו ר י ס. (נאָך אַ זייטען־ווינק פון פרוי קאַטהערינא) ווען איך וואָלט נור צייט האָבען.

אַ ד אָ ל ף. נעהם זיך צייט. מיר ווערלען דאָ זאָ ווי זאָ לאַנג ניט פערווייל‍ען.

ה ע נ ר י ע ט א. איך וועל ניט שטערען, אויב איהר האָט עפּעס צו רעדען וועגען געשעפטען.

מ א ו ר י ס. אַך, פריילין, אונזערע געשעפטען געהען אזוי שלעכט, אז עס לוינט זיך גארניט פון זיי צו רעדען.

ה ע נ ר י ע ט א. נו, דאַן ווערלען מיר רעדען פון עפּעס אנ־דעריש. (נעהמט צו דעם הוט פון מאורים׳ן און הענגט איהם אויף) אזוי יעצט האלט זיך פיין, וואָרים איך וויל שליסען די בעקאַנטשאַפט מיט דעם גרויסען שריפטשטעלער.

(קאטהערינא גיט יעצט נאָך אַמאָל אַ וואונק צו מאורים׳ען וועל־כען ער בעמערקט ניט).

אַ ד אָ ל ף. אזוי, הענריעטא. — האלט דו איהם אויף! (זיי זעצען זיך אַלע ארום אַ טיש).

ה ע נ ר י ע ט א. איהר האָט ווירקליך אַ גוטען פריינד אין אדאָלף'ען, הערר מאורים. ער רעדט פון קיין אנדערן, ווי נור פון אייך. און אין אַזאַ ארט, אַז איך פיהל זיך אימער גאַנץ אין הינטער־גרונד.

אַ ד אָ ל ף. דער אמת איז, אַז אויך זי אַליין לאָזט מיך ניט צורוה וועגען דיר. זי האָט געלעזען דיינע שריפטען, און האָט אי־מער געוואָלט וויסען, וואו דו האָסט גענומען דאָס, וואו דו האָסט געהאַלטען אין איין פרעגען ווי דו זעהסט אויס, ווי אַלט דו ביזט, וואָס דו ליעבסט אַם בעסטען; מיט איינעם וואָרט: איך האָב דיך געהאַט צו פריהשטיק, מיטאַג און סאַפּער. ס'האָט כמעט אויס־געזעהן, ווי מיר וואָלטען אַלע דריי צוזאַמען געלעבט.

מ א ו ר י ס. (צו הענריעטא'ן) גאָט אין הימעל! ווארום זענט איהר ניט געקומען אַנקוקען דעם וואונדער איבער וואונדער? דאָס וואָלט דאָך מיט איין קלאַפּ געשטילט אייער נייגיריגקייט.

ה ע נ ר י ע ט א. אדאָלף האָט ניט געוואָלט. (אדאָלף פערלע־גען) ניט דערפאַר ווייל ער איז געוועזען אייפערזיכטיג.

מ א ו ר י ס. ווארום זאָל ער דאָס זיין? — ער ווייס דאָך, אַז מיינע געפיהלען זענען געבונדען צו אַן אנדערע.

ה ע נ ר י ע ט א. פיעלייכט האָט ער זיך ניט געוואָלט פער־לאָזען אויף די דויערהאַפטיגקייט פון אייערע געפיהלען.

מ א ו ר י ס. איך פערשטעה ניט; דאכט זיך, יעדער וואָס קען מיך ווייסט, אַז איך בין בעשטענדיג אין מיינע נייגונגען.

אַ ד אָ ל ף. נאַ, ס'איז ניט געווען דאָס.

ה ע נ ר י ע ט א. (אונטערברעכט איהם) דאָס איז פיעלייכט, ווייל אייך איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען בייצושטעהן אַ נסיון.

אַ ד אָ ל ף. אָה, דאָס קענסטו ניט.

ה ע נ ר י ע ט א. (אונטערברעכט איהם) וואָרים אַ טרייען מאַן האָט די וועלט נאָך ניט געזעהן.

מ א ו ר י ס. דאַן וועט זי איינעם זעהן.

ה ע נ ר י ע ט א. וואו?

מ א ו ר י ס. דאָ.

(הענריעטא לאכט).

אַ ד אָ ל ף. יאָ, דאָס קלינגט ווי —

ה ע נ ר י ע ט א. (אונטערברעכט איהם, און רעדט אלץ צו מאָו־ריס'ן) גלויבט איהר, אז איך פערלאָז זיך אויף מיין גוטען אדאָלפ'ן מעהר ווי אין פערטעל יאָהר?

מ א ו ר י ס. איך האָב קיין רעכט אויפצוהויבען א פראגע וועגען אייער ווייניג צוטרויען, אָבער פאר אדאָלפ'ס טרייהייט קאַוויר איך אייך.

ה ע נ ר י ע ט א. איהר דאַרפט דאָס ניט... איך האָב בלויז געפלוידערט, און נעהם אלעס צוריק וואָס כ'האָב געזאָגט... ניט בלויז ווייל איך וויל זיך ניט פיהלען ווייניגער גרויסמוטהיג פון אייך, נור ווייל עס איז אַזוי... ס'איז מיינע א שלעכטע אייגענ־שאפט צו זעהן בלויז שלעכטיגקייט אין יעדע זאך; איך ווייס, אז דאָס איז א חסרון, אָבער איך קען זיך דערפון ניט אָפּגעוועהנען. דאָך איך גלויב, ווען איך זאָל האָבען די מעגליכקייט מיט אייךביידען צו פערברייננגען א לענגערע צייט, וואָלט איך אין אייער געזעלשאפט געוואָרען גאָר אַן אַנדערע... פערצייהע, אדאָלף! (זי לעגט איהר האַנד אויף זיין באק).

אַ ד אָ ל ף. דו ביזט אימער שלעכט אין דיין רעדען, אָבער גוט אין דיינע האנדלונגען. דאָך וואָס דו ווירקליך דענקסט — דאָס ווייס איך ניט.

ה ע נ ר י ע ט א. ווער קען דאָס דען וויסען?

מ א ו ר י ס. יאָ, ווען מיר וואָלטען דאַרפען זיין פעראנט־וואָרטליך פאר אונזערע געדאנקען, ווער פון אונז וואָלט זיך געקענט רעכטפערטיגען?

ה ע נ ר י ע ט א. האָט איהר אויך שלעכטע געדאנקען?

מ א ו ר י ס. נו, נאַטירליך, ווי איך וואָלט אין חלום בע־גאנגען די גרויזאמסטע האנדלונגען.

ה ע נ ר י ע ט א. אָה, אין חלום! דענקט נור; איך — אָך, ניין, איך שעהם זיך צו רעדען דערפון.

מ א ו ר י ס. נו, נו, איהר קענט רעדען, איהר דארפט אייך גארניט שעהמען!

ה ע נ ר י ע ט א. מיר האט זיך נעכטען בייגאכט גע'חלומ'ט, אז איך צושנייד גאנץ רוהיג אדאלפ'ס ברוסט־קאסטען — איך בין נעמליך א סקולפטארין — און ער, מיט זיין שטענדיגע גרויסקייט, האט ניט געמאכט קיין ווידערשטאנד און האט מיר נאך געהאלפען ביי די שווערע פלעצער, דען ער קען מעהר אנאטאמיע ווי איך.

מ א ו ר י ס. איז ער געווען טויט?

ה ע נ ר י ע ט א. ניין, ער האט געלעבט.

מ א ו ר י ס. דאס איז שוידערהאפט. און דאס האט אייך ניט פערשאפט קיינע ליידען?

ה ע נ ר י ע ט א. ניין, און דאס וואונדערט מיך, ווייל איך בין זעהר עמפפינדליך פאר פרעמדע ליידען — ניט אמת, אדאלף?

א ד א ל ף. פאלקאמען אמת; מען קען זאגען אונגעוועהנליך, דאך מיט חיות פיהלסטו גארניט מיט.

מ א ו ר י ס. און איך ווידער קען ניט מיטפיהלען ניט מיט אייגענע ליידען, און ניט מיט פרעמדע.

א ד א ל ף. יעצט דערצעהלט ער ניט דעם אמת וועגען זיך. ניט וואהר, מאדאם קאטהערינא?

ק א ט ה ע ר י נ א. איך ווייס ניט, איך האב ניט אנגעטראפען נאך א מענש, וואס זאל האבען אזא ווייך הארץ ווי הערר מאריס. עס איז קוים צום גלויבען: אבער ער האט שיעור ניט גערופען די פאליציי, ווייל איך האב ניט אנגעגאסען קיין פרישע וואסער פאר די פישעלעך... טאקע פאר די וואס שטעהען דארט אויפ'ן טיש... טהוט נור א קוק אויף זיי, עס זעהט אויס, ווי זיי וואלטען הערען וואס איך זאג. —

מ א ו ר י ס. נא, מיר זיצען דא, און מאכען זיך ריין ווי די מלאכים, און דאך איז יעדער פון אונז אינערליך פעהיג, אויף א גאנץ איידעלען ארט צו בעגעהן דעם גרעסטען שורקען־טהאט, זאגאר ווען עס האנדעלט זיך וועגען עהרע, פרויען אדער געלד. — איהר זענט אלזא א סקולפטארין, פריילין!

ה ע נ ר י ע ט א. קיין גאנץ גרויסע ניט, דאך גענוגענד צו

מאכען א ביוסט; און איך פיהל זיך אויך פעהיג צו מאכען אייערע, וואס דאס איז שוין לאנג מיין טרוים געוועזן.

מ א ו ר י ס. מיט'ן גרעסטען פערגעניגען. דער טרוים וועט ניגסטענס קען געשווינד פערווירקליכט ווערען.

ה ע נ ר י ע ט א. יעצט אבער וויל איך זיך נאך ניט פארשטעלען אייער געזיכטס־ציעגע, איך וועל ווארטען ביז נאך דעם ערפאלג וואס איהר וועט הייטע נאכט זיכער האבען; דאן וועט איהר ערשט זיין דאס וואס איהר דארפט צו זיין.

מ א ו ר י ס. ווי זיכער איהר זענט אין מיין זיעג.

ה ע נ ר י ע ט א. יא, אויף אייער געזיכט שטעהט אנגעשריבען, אז איהר וועט זיגען אין דיעזער שלאכט, און איך גלויב, אז איהר אליין מוזט דאס פיהלען...

מ א ו ר י ס. וואס מאכט איך אזוי גלויבען?

ה ע נ ר י ע ט א. איך פיהל עס! איהר ווייסט, איך בין היינט אין דער־פריה געוועזן קראנק, און יעצט פיהל איך ווידער גוט. (אדאלף פאנגט אן ווערען נידערשלאגען).

מ א ו ר י ס. (פערלעגען) הערט, עס איז מיר איבערגעבליבען אן איינציגער טהעאטער־בילעט — אבער טאקע נור איינער. איך וועל דיך מיט איהם פרעזענטירען, אדאלף.

א ד א ל ף. א דאנק, מיין פריינד, איך טרעט איהם אפ הענריעטא'ן.

ה ע נ ר י ע ט א. אבער קען עס דען זיין?

א ד א ל ף. ווארום זאל דאס ניט קענען — איך געה יעדענפאלס קיינמאל אין טהעאטער, ווייל איך קען די היץ ניט פערטראגען.

ה ע נ ר י ע ט א. אבער נאך דער פארשטעלונג וועסטו דאך מיך קומען אפווארטען לעבען טהעאטער?

א ד א ל ף. אויב דו וועסט דאס שטארק פערלאנגען... ווארים מאורים דארף אהער קומען נאך דער פארשטעלונג, וואו מיר אלע ערווארטען איהם.

מ א ו ר י ס. דו מעגסט זיך נעהמען די מיה און אונז אפווארטען. און ווירקליך איך בעט דיך דאס צו טהאן. דו הערסט —

און ווען דו ווילסט אונז ניט אפּוואַרטען פאר'ן טהעאַטער קענסטו אונז טרעפען אין דער אַבערזש דע אדרעה — אַבגעמאכט?

אַ ד אָ ל ף. וואַרט, דו האָסט אַ פעהיגקייט צו שליכטען פראַגען דיר לטובה, נאָך איידער דער צווייטער האָט די מעגליכקייט נאָכצודענקען וועגען דעם.

מ א ו ר י ס. איז דען דאָ דעריבער נאָכצודענקען — אויב דו זאָלסט דיין דאמע אפּוואַרטען, אָדער ניט?

אַ ד אָ ל ף. דו ווייסט ניט וואָס דיעזע אונבעדייטענדע האַנדלונג קען אמאָל בעדייטען, איך האָב אָבער אַ געוויסע אהנונג דערפון.

ה ע נ ר י ע ט א. ש־ש־ש! רעד ניט פון קיין געשפּענסטער ווען די זון שיינט! זאָל ער קומען אדער ניט, מיר וועלען אונזער וועג אויף צוריק אליין געפינען.

אַ ד אָ ל ף. (הויבט זיך אויף) נאַ, איך מוז יעצט יעדענפאלס געהען — מיין מאָדעל קומט יעצט. אַדיע! און איך ווינש דיר גליק, מאורים! אַדיע, הענריעטא!

ה ע נ ר י ע ט א. ווילסטו ווירקליך שוין געהען?

אַ ד אָ ל ף. איך מוז.

מ א ו ר י ס. דאַן זיי געזונד! אויף ווידערזעהן!

(אַדאָלף געהט ארויס בעגריסענדיג קאַטהעריגא'ן).

ה ע נ ר י ע ט א. אַך, דענקט נור, ענדליך האָבען מיר זיך דאָך געטראָפען!

מ א ו ר י ס. קומט דאָס אייך פאָר מערקווירדיג?

ה ע נ ר י ע ט א. עס זעהט אוים, ווי דאָס וואָלט געמוזט געשעהן, ווייל אַדאָלף האָט געטהאָן אַלעם, אום דאָס צו פערהינדערען.

מ א ו ר י ס. האָט ער דאָס?

ה ע נ ר י ע ט א. איהר האָט דאָך דאָס זעלבסט געמוזט בעמערקען.

מ א ו ר י ס. איך האָב עס געמערקט, אָבער צו וואָס זאָלט איהר דאָס דערמאָהנען?

ה ע נ ר י ע ט א. איך מוז.

מ א ו ר י ס. איך מוז אייך אויך זאָגען, אז איך האָב

געוואָלט ענטלויפען דורך דער קיך, אום זיך מיט אייך ניט צו טרע־
פען, אָבער א גאסט האָט פערשלאָסען די טהיר און האָט עס מיר
געהינדערט.

הענריעטא. ווארום דערצעהלט איהר׳עס מיר יעצט?

מאוריס. איך וויים ניט.

(פרוי קאטהערינא ווארפט אום גלעזער און פלעשער).

מאוריס. זייט רוהיג, פרוי קאטהערינא, עס איז קיין
געפאהר.

הענריעטא. איז דאָס געווען א סיגנאל אָדער א וואר־
נונג?

מאוריס. וואהרשיינליךביידע.

הענריעטא. בין איך דען א לאָקאמאָטיוו, וואָס דארף
האָבען באהן־וועכטער.

מאוריס. פיעלייכט באהן־וועכטער וואָס קערעווען די רעל־
סען; דען די געפאהר איז אימער אם מעהרסטען ביים וועכסלען.

הענריעטא. ווי גרויזאם איהר קענט זיין.

קאטהערינא. הערר מאוריס איז קיינמאָל ניט גרוי־
זאם... קיין מענש איז ניט אזוי פריינדליך און געטריי צו די וואָס
ליעבען און אכטען איהם ווי...

מאוריס. ש־ש־ש!

הענריעטא. (צו מאוריס׳ן) די אלטע איז א צו גרויסע
עזות פנים׳ניצע.

מאוריס. אויב איהר ווילט, קענען מיר געהען אביסעל
אויפ׳ן בולוואר.

הענריעטא. מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען, דען דאָ איז
ניט מיין פלאַץ. איך פיהל ווי דער האס שלינגט מיך איין... (געהט
ארויס).

מאוריס. (וויל אויך געהן) אדיע, פרוי קאטהערינא!

קאטהערינא. איין אויגענבליק. קען איך צו אייך רע־
דען א ווארט, הערר מאוריס?

מאוריס. (בלייבט ניט ווילענדיג שטעהן) וואָס?

קאטהערינא. טהוט דאָס ניט! טהוט דאָס ניט!

מ א ו ר י ס. וואס?

ק א ט ה ע ר י נ א. טהוט דאס ניט!

מ א ו ר י ס. שרעקט אייך ניט. דיעזע דאמע איז ניט מיין גלייכען, מעהר ניט זי אינטערעסירט מיך, און דאס אויך גאנץ וועניג.

ק א ט ה ע ר י נ א. פערלאזט זיך ניט אויף זיך!

מ א ו ר י ס. אה, איך קען זיך אויף זיך פערלאזען! — אדיע! (געהט ארויס).

(פארהאנג)

# צווייטער אַקט.

(ערשטעס בילד)

(די אָבערזש דע אַדרעה. אַ קאַפּעע אין טהעאטראלישען סטיל פון זיעבעצענטען יאהרהונדערט. די טישען און שטוהלען זע־נען צעווארפען אין פערשיעדענע ווינקלען. די וועגד זענען דעקאָרירט מיט שווערדען און ביקסען; די פאנעעלען זענען בעשטעלט מיט גלעזער און קריגלער).

מאורים אין פראק און העגריעטא אין טהעאטער־קלייד זיצען ביי אַ טיש, אויף וועלכען עס שטעהט אַ פלאַש שאמפּאַניער און דריי אָנגעפיהלטע גלעזער. דאָס דריטע גלאָז שטעהט אויף דער פערטער זייט טיש, וואָס איז נעהנטער צום הינטער־גרונד; און נעבען דעם אַ דריטער לעהנ־שטוהל, וועלכער ווארט אויף דעם אבוועזענדען „דריטען מאַן“.

מ א ו ר י ס. (נעהמט ארויס זיין זייגערעל און לעגט עס אויפ׳ן טיש) וועט ער ניט קומען ביז פינף מינוט צייט, וועט ער שוין איינ־גאנצען ניט קומען. לאָמיר דערווייל טרינקען מיט זיין געשפּענסט. (שטויסט אָן מיט דעם דריטען גלאָז).

ה ע נ ר י ע ט א. (טהוט דאָס זעלבע) צו דיין געזונד, אדאָלף!

מ א ו ר י ס. ער וועט ניט קומען.

ה ע נ ר י ע ט א. ער וועט קומען.

מ א ו ר י ס. ער וועט ניט.

ה ע נ ר י ע ט א. ער וועט.

מ א ו ר י ס. וואָס פאר אַ אָוועגד, און וואָס פאר א וואונ־דערבארער טאָג! איך קען נאָך אַלץ ניט בעגרייפען, אז א נייַ לע־בען האָט פאר מיר אָנגעפאנגען! דענקט נור: דער דירעקטאר גלויבט, אז איך קען רעכענען פאר ניט ווייניגער ווי אויף הונדערט טויזענד פראנקען... פאר צוואנציג טויזענד קויף איך א ווילא ניט ווייט פון שטאָדט, און אכציג וועט מיר נאָך איבערבלייבען... ערשט

מארגען וועל איך דאָס אַלעם קענען בעגרייפען. איך בין יעצט אזוי מיעד, מיעד, מיעד. (זינקט אַרונטער אין שטוהל) איהר זענט אמאָל געווען גליקליך?

הענריעטא. ניין, קיינמאָל ניט — ווי פיהלט מען זיך דען?

מאוריס. ווי זאָל איך עס אייך ערקלעהרען? איך קען עס ניט אויסדריקען; אבער איך דענק אם מעהרסטען וועגען די ער־גערניש פון מיינע געגנער. ס'איז אפילו ניט אזוי שעהן, אבער אזוי איז עס.

הענריעטא. איז דען דאָס גליק, ווען מען דענקט פון זיינע געגנער?

מאוריס. דער זיעגער מוז דאָך צעהלען די טויטע און פער־וואונדעטע, אום ער זאָל קענען זיך מאכען א בעגריעף ווי גרויס זיין זיעג איז.

הענריעטא. זענט איהר טאקע אזוי בלוטדורשטיג?

מאוריס. אייגענטליך ניט; אבער ווען מען האָט געפיהלט יאָהרען־לאנג דעם דרוק פון יענעמס קנאפעל אויף דער ברוסט, מוז עס איינעם פרעהען, ווען מען קען פון זיך ארונטערוואַרפען דעם פיינד און פריי אויפאטהעמען.

הענריעטא. זעהט עס ניט אוים זאָנדערבאר, דאָס וואָס איהר זיצט דאָ מיט מיר אליין, מיט א פרעמדע, אונבעדייטענדע מיידעל — אין אזא אווענד ווי היינט, ווען איהר וואָלט אייך בע־דאַרפט צייגען אלץ זיעגער פאר אלע מענשען אויפ'ן בולוואר און אין גרויסע רעסטאָראנען.

מאוריס. עטוואס זאָנדערבאר איז דאָס פיעלייכט, אבער איך פיהל זיך דאָ גוט, און אייער געזעלשאפט איז גאנץ גענוג פאר מיר.

הענריעטא. איהר פיהלט זיך ניט פרעהליך?

מאוריס. ניין, איך פיהל זיך גיכער טרויעריג. אין מיר וואָלט זיך וועלען וויינען אביסעל

הענריעטא. וואָס מאכט אייך דען אזוי פיהלען?

מ א ו ר י ס. דאָס גליק וואָס קען זיין פּוסטקייט; דאָס גליק וואָס וואַרט פאַר דעם אונגליק.

ה ע נ ר י ע ט א. אַך, אַזוי טרויעריג! וואָס פעהלט אייך דען?

מ א ו ר י ס. מיר פעהלט נור דאָס וואָס מאַכט ווערטה צו לעבען.

ה ע נ ר י ע ט א. איהר ליעבט זי אַלזאָ ניט מעהר?

מ א ו ר י ס. ניין, ניט אויף די אַרט, ווי איך פערשטעה ליע־בע, גלויבט איהר, אַז זי האָט געלעזען מיין דראַמאַ, אָדער זי האָט זי געוואָלט לעזען? אַך, זי איז זעהר גוט, אויפאָפּפערענד און פיינפיהלענד, אָבער אויסצוגעהן מיט מיר א נאַכט און פערברענגען, דאָס האַלט זי פאַר א גרויסע זינד. ווייסט איהר, איך האָב איהר איינמאָל איינגעלאַדען צו שאַמפּאַניער, און אַנשטאָט צו פרעהען זיך, האָט זי גענומען די וויין־קאַרטע נאָכצוזעהן וויפיעל עס קאָסט. און ווען זי האָט דערזעהן דעם פּרייז, האָט זי געוויינט — גע־וויינט, ווייל מאַריאַן האָט בעדאַרפט האָבען נייע זאָקען. דאָס איז טאַקע שעהן, און פיעלייכט אויך ריהרענד, אָבער מיך אַמוזירט דאָס ניט. איך וויל געניסען איידער דאָס לעבען פערגעהט. ביז יעצט האָב איך מעהר ניט געהאַט ווי מאַנגעל, אָבער יעצט, יעצט... פאַנגט זיך דאָס לעבען אָן פאַר מיר. (דער זייגער שלאָגט צוועלף) יעצט פאַנגט זיך אָן א נייער טאָג, א נייע צייט־רעכנונג!

ה ע נ ר י ע ט א. אַדאָלף וועט שוין ניט קומען.

מ א ו ר י ס. ניין, יעצט וועט ער מעהר ניט קומען! און יעצט איז שוין אויך צו שפּעט צו פאָהרען אַהין.

ה ע נ ר י ע ט א. אָבער מען ערוואַרטעט דאָך אייך דאָרטען.

מ א ו ר י ס. זאָלען זיי וואַרטען. זיי האָבען מיך געמאַכט דאָס צו פערשפּרעכען און איך נעהם מיין פערשפּרעכען צוריק.— ווילט זיך אייך יעצט אַהין פאָהרען?

ה ע נ ר י ע ט א. ניין, אין געגענטהייל!

מ א ו ר י ס. ווילט איהר מיר דאָ לייסטען געזעלשאַפט?

ה ע נ ר י ע ט א. גערן! ווען עס וועט אייך נאָר פערשאַפען פערגעניגען.

מ א ו ר י ס. איך בעט אייך דאָס זעהר! — איהר זעהט דער זיעגעס־קראַנץ איז ווערטהלאָז, ווען מען קען איהם ניט לעגען ביי די פיס פון א פרוי; אלעס איז ווערטהלאָז ווען מען האָט ניט קיין פרוי.

ה ע נ ר י ע ט א. ברויכט איהר דען צו זיין אָהן א פריי! — איהר?

מ א ו ר י ס. א פראגע!

ה ע נ ר י ע ט א. ווייסט איהר דען ניט, אז א מאַן איז אונ־ווידערשטעהליך, אין זיין שטונדע פון ערפאָלג?

מ א ו ר י ס. דאָס וויים איך ניט, וואָרים איך האָב ניט געהאט די ערפאהרונג.

ה ע נ ר י ע ט א. איהר זענט א וואונדערליכער מענש; איהר זענט אין דיעזען אויגענבליק דער בענייידענסטער אין פאריז, און איהר זיצט גאָר דאָ און גריבעלט זיך. פלאגט אייך פיעלייכט דער געוויסען, וואָס איהר האָט פערשפעטיגט צו טרינקען ציקאריע־קאַווע מיט דער אלטער.

מ א ו ר י ס. יא, מיין געוויסען פלאגט מיך וועגען דעם, און איך פיהל ביז אהער זייערע בעליידיגטע געפיהלען, זייערע געקרענק־טע געפיהלען און זייער בערעכטיגטען פערדרוס. מיינע אונגליקס־קאמעראדען האָבען א רעכט דיעזען אוועגד צו פאָדערן מיין פער־זאָן; די גוטע פרוי קאטהערינא האָט דאָס פאָררעכט אויף מיין ער־פאָלג, וועלכער האָט בעדארפט פערשפרייטען א האָפנונגס־שטראהל איבער די אָרימע, וועלכע האָבען דאָס גליק נאָך ניט געהאט. איך האָב פון זיי געראובט דעם גוטען גלויבען וואָס זיי האָבען אין מיר געהאט. איך הער זיי שווערען: מאורים קומט, ער איז א גוטע זעעלע, ער פעראכטעט אונז ניט, ער האלט אימער זיין וואָרט; אָבער יעצט שווערען זיי פאלש!

(וועהרענד ער האָט גערעדט, האָט איינער אָנגעפאנגען אין נע־בען־צימער צו שפיעלען דאָס פינאל פון בעטהאווענ'ס ד־מאל־סאנאטא (נומ. 2, אפ. 31) די אַלעגרעטא ווערט צוערשט געשפיעלט פיאנא, דאַן אימער מעהר פארטע, וואָס אמאָל אלץ שטאַרקער, שליסליך ווילד.)

מ א ו ר י ס. ווער שפּיעלט עם יעצט אזוי שפּעט אין דער נאכט?

ה ע נ ר י ע ט א. דאָס מוז זיכער זיין אזעלכע נאכט־פויגעל ווי מיר. — אבער הערט, אייער פאַרשטעלונג איז ניט אין גאַנצען ריכטיג. עראינערט איהר אייך, אז אדאָלף האָט פערשפּראָכען אונז דאָ אפּצואוואַרטען? מיר האָבען דאָ געוואַרט פאר איהם, אבער ער האָט זיין פערשפּרעכען ניט געהאלטען. איהר זענט אלזאָ אונשול־דיג.

מ א ו ר י ס. דענקט איהר אזוי? ווען איהר רעדט גלויב איך, אָבער ווען איהר הערט אויף, פאַנגט מיך מיין געוויסען ווידער אָן צו פּלאָגען. וואָס האָט איהר אין דיזען פּאַקעט?

ה ע נ ר י ע ט א. אָך, דאָס איז נור א לאָרבער־קראַנץ, וועל־כען איך האָב געדענקט אייך ארויפצושיקען אויף דער ביהנע. כ'האָב אָבער ניט געהאט די געלעגענהייט דערצו. לאָזט מיר איהם אייך יעצט געבען. מען זאָגט, אז דאָס קען קיהלען א הייסען שטערן. (זי שטעהט אויף און לעגט דעם קראַנץ אויף זיין קאָפּ; דאן גיט זי איהם אַ קוש אויפ'ן שטערן) הוררא פאר'ן זיעגער!

מ א ו ר י ס. אָבער ניט אזוי.

ה ע נ ר י ע ט א. אויף די קניע! הוררא פאר'ן קעניג!

מ א ו ר י ס. (הויבט זיך אויף) ניין, דו שרעקסט מיך.

ה ע נ ר י ע ט א. (שכור'לעך) דו שרעקענדער מאן! דו קליינ־מוטהיגער! דו, וואָס שרעקסט זיך זאגאר פאר'ן גליק. ווער האָט פון דיר גערויבט דיין זעלבסטגעפיהל און דיך געמאכט פאר א קליין מענשעלע?

מ א ו ר י ס. (שכור'לעך) פאר א קליין מענשעלע? יאָ, דו האָסט רעכט. איך ארבייט ניט ווי דער ריעז אין די וואָלקענס מיט דונער און בליץ, איך שמיעד מיינע שווערדען אין דער שטילקייט פון טהאָל. דו גלויבסט, אז איך שרעק זיך פאר'ן זיגער־קראַנץ. ניין, איך אכטע איהם בלויז ווענ'ג, דען ער איז ניט גענוג פאר מיר. דו גלויבסט, אז איך שרעק זיך פאר'ן געשפּענסט, וועלכער זיצט דאָ מיט זיינע אייפערזיכטיגע גרינע אויגען און בעוואַכט מיינע געפיה־לען — פון וועמענס שטאַרקייט דו האָסט קיין אהנונג. — אוועק דו

געשפּענסט! (ער וואַרפט דאַס דריטע גלאָז אַרונטער פון טיש) פּאַרט, דו, דריטער מאַן, וועלכער געהערסט ניט אַהער. — דו אַבוועזענ־דער, וועלכער האָסט דיין רעכט פערלוירען, אויב דו האָסט ווען עס איז געהאַט אַזעלכעס! — דו ביזט אויסען געבליבען פון שלאַכטפעלד, וויל דו האָסט שוין געוואוסט אַז דו ביזט געשלאָגען! — אַזוי ווי איך צומאַהל דיעזעס גלאָז אונטער מיינע פיס, אַזוי וועל איך דיין בילד צוברעקלען וועלכעס דו האָסט אויפגעריכטעט אין אַ טעמפּעל, וואָס איז ניט מעהר דיינער.

הענריעטא. (מיט אַ הויכע שטימע) גוט! אַזוי זאָל עס זיין! גוט, מיין העלד!

מאוריס. יעצט האָב איך געאָפּפערט מיין בעסטען פריינד, מיין טרייעסטען העלפער אויף דיין אַלטאַר, אַסטאַרטאַ! ביזטו צופריעדען?

הענריעטא. — אַסטאַרטאַ. דאָס איז אַ שעהנער נאָמען. איך וועל איהם האַלטען. — איך גלויב, דו ליעבסט מיך. מאוריס.

מאוריס. נאַטירליך! (אומאַרמט איהר לייד ענשאַפטליך) דו, אומגליקס־ווייב! דו, וואָס וועקסט דעם מאַן׳ס מוטה און מאַכסט גליהען זיין בלוט מיט׳ן דופּט פון דיין בלוט. פון וואַנען קומסטו, און וואוהין ווילסטו מיך פיהרען? איך האָב דיך געליעבט נאָך איי־דער איך האָב דיך געזעהן; ווען מען פלעגט רעדען פון דיר האָב איך געציטערט; און ווען איך האָב דיך געזעהן אין דער טהיר איז דיין גייסט אַריינגעפלויגען אין מיינעם, און ווען דו ביזט אַוועק האָב איך דיך אַרומגעהאַלטען מיט מיינע אָרימס; איך האָב געוואָלט ענטלויפען פון דיר. אַבער מען האָט דאָס מיר געשטערט, און הייטע נאַכט זענען מיר צוזאַמען געטריבען געוואָרען ווי אין דעם יעגער׳ס נעץ. וועמענס שולד איז דאָס? דיין פריינד׳ס וואָס האָט אונז צוזאַמען געפיהרט!

הענריעטא. שולד אָדער ניט שולד; וואָס געהערט דאָס אַהער, און וואָס מאַכט דאָס אויס? אַדאָלף האָט די שולד וואָס ער האָט אונז נאָך פריהער ניט צוזאַמענגעפיהרט. ער איז בעגאַנגען אַ פערברעכען וואָס ער האָט אונז גערויבט צוויי וואָכען גליק צו וועלכע ער האָט קיין רעכט ניט געהאַט. איך בין אייפער־

זיכטיג אויף איהם אין דיין נאָמען; איך האס איהם ווייל ער האָט פון דיר געריבט דיין געליעבטע. מיר ווילט זיך איהם אויס־שטרייכען אין דער עראינערונג פון די לעבעדיגע. איהם אויסמע־קען פון דער פערגאנגענהייט, איהם מאכען אונגעשאפען, אונגע־בוירען!

מ א ו ר י ס. מיר וועלען איהם בעערדיגען אין אונזערע איי־גענע געדאנקען, מיר וועלען איהם אין ווילדען וואלד מיט בלעטער און צווייגען בעדעקען, און אויף זיין קבר פיעל שטיינער אנלעגען אזוי אז ער זאל שוין מעהר ניט קענען זעהען די ליכטיגע וועלט. (הויבט אויף זיין גלאָז) אונזער שיקזאל איז פערזיגעלט. (טרינקט) וועה. וואס וועט יעצט קומען?

ה ע נ ר י ע ט א. יעצט וועט קומען א נייע צייט־רעכנונג! וואס האסטו דאָרט אין פאקעט?

מ א ו ר י ס. איך קען זיך ניט עראינערן.

ה ע נ ר י ע ט א. (עפענט דאָס פעקעל און נעהמט דערפון אַרויס א קראוואט און אַ פּאָר ווייסע האַנדשוה) א טהייערער קראוואט, האָט זיכער געמוזט קאָסטען 10 גראשען.

מ א ו ר י ס. (רייסט דאָס ביי איהר אַרויס פון האַנד) ריהר דאָס ניט אָן!

ה ע נ ר י ע ט א. דאָס איז פון איהר?

מ א ו ר י ס. יע, ס'איז פון איהר.

ה ע נ ר י ע ט א. גיב עס מיר!

מ א ו ר י ס. ניין, זי איז בעסער פון דיר, בעסער פון אייך אלע!

ה ע נ ר י ע ט א. דאָס גלויב איך ניט; זי איז פּראָסטער און קאָרגער! איינע וואָס וויינט ווען מען טרינקט שאמפּאַניער.

מ א ו ר י ס. ווייל דאָס קינד האָט קיין זאָקען ניט געהאט; און דאָס צייגט אז זי איז א גוטע פרוי.

ה ע נ ר י ע ט א. פיליסטער! דו וועסט קיינמאָל קיין קינסטלער ניט זיין! איך אבער בין א קינסטלעריו, און איך וועל פון דיר מאכען א ביוסט מיט א קרעמער־היטעל אנשטאט מיט א לאָרבער־קראַנץ — זי הייסט זשעאַנע...?

מ א ו ר י ס פון וואנען ווייסטו דאָס?

ה ע נ ר י ע ט א. ווייל אזוי הייסען אלע פּראָסטע הויז־פרויען.

מ א ו ר י ס. הענריעטא!

ה ע נ ר י ע ט א. (נעהמט די האַנדשוה און דעם קראוואט אוןווארפט דאָס אריין אין קאַמין).

מ א ו ר י ס. (שוואך) אסטארטא! יעצט ווילסטו א פרויען־אָפּפער. דו זאָלסט עס אויך האָבען. אבער ווען דו ועסט וועלען דאָס אונשולדיגע קינד ועסטו מוזען געהן.

ה ע נ ר י ע ט א. קענסטו מיר זאגען וואָס דיך בינדט צו מיר?

מ א ו ר י ס. ווען איך זאָל ויסען, וואָלט איך זיך דאָך גע־קענט אָפּרייסען. דאָך, איך גלויב אז דאָס איז די שלעכטע אייגענ־שאַפטען וואָס דו האָסט און וואָס מיר פעהלט. איך גלויב, אז דאָס איז דאָס בייזע אין דיר וואָס ציהט מיך מיט א אונווידער־שטעהליכען רייץ.

ה ע נ ר י ע ט א. האָסטו קיינמאָל קיין פערברעכען ניט בע־גאנגען?

מ א ו ר י ס. קיין ווירקליכען קיינמאָל. האָסטו?

ה ע נ ר י ע ט א. יא.

מ א ו ר י ס. אזוי; און ווי איז דאָס געווען.

ה ע נ ר י ע ט א. דאָס איז געווען גרעסער ווי צו בעגעהן א גוטע האנדלונג, ווייל דאָס מאכט שטעהן אויף איין שטופע גלייך מיט אַנדערע; עס איז געוועזען גרעסער ווי א העלדענטהאט, ווייל דערמיט שטעלען מיר זיך העכער פון אַנדערע און ווערען בעלוינט; דיעזער פערברעכען האָט מיך ארויסגעשטויסען פון דער געזעל־שאַפט און מענשען און האָט מיך געבראכט אויף אן אנדער זייט פון לעבען. זייט יענער שטונדע לעב איך נור א האלב לעבען, א טרוים לעבען, און דערפאר קען איבער מיר די ווירקליכקייט קיין שליטא ניט האָבען.

מ א ו ר י ס. וואָס האָסטו דען געטהאַן?

ה ע נ ר י ע ט א. איך וויל דאָס ניט זאָגן. ווייל דאן וועסטו זיך ווידער דערשרעקן.

מ א ו ר י ס. קען מען דיך ניט אויסגעפינען?

ה ע נ ר י ע ט א. ניין; אבער דאָס הינדערט מיך ניט צו זעהן די פינף שטיינער אויפ׳ן ראקעטע־פּלאַץ וואו דאָס עשאפאָט פלעגט שטעהן, און דערפאר וואג איך אויך קיינמאָל ניט צו נעהמען א פעשעל קאָרטען אין האנד, ווייל איך מיש אימער אויף דאָס פיפטעל־דיימאנד...

מ א ו ר י ס. אזא פערברעכען איז דאָס געווען?

ה ע נ ר י ע ט א. יע, אזא פערברעכען.

מ א ו ר י ס. ס׳איז שוידערהאפט, אבער אינטערעסאנט! פלאגט דיך קיינמאָל דער געוויסען?

ה ע נ ר י ע ט א. קיינמאָל; אבער ווען מיר זאָלען קענען רעדען פון עפּעס אנדערש וואָלט איך געווען דאנקבאר.

מ א ו ר י ס. צום ביישפּיעל — מיר זאָלען רעדען פון ליעבע?

ה ע נ ר י ע ט א. פון ליעבע רעדט מען ניט ביז זי איז ניט צו ענדע.

מ א ו ר י ס. האסטו געליעבט אדאָלף׳ן?

ה ע נ ר י ע ט א. איך ווייס ניט. זיינע נאטירליכע גוטסקייט האָט מיך געצווינגען ווי א שעהנע פערשוואונדענע קינדהייטס־ער־אינערונג. אבער עס איז געווען א סך אין זיין פערזאָן וואָס ס׳איז מיר געווען אבשטויסענד, איך האָב געמוזט לאנג רעטושירען, ענ־דערן, צולעגען, אוועקנעהמען. ביז איך האָב פון איהם געמאכט א פיגור. און ווען ער פלעגט רעדען, האָב איך אימער געקענט בע־מערקען, אז ער האָט עס פון דיר געלערענט; אבער ער האָט עס נאָט זעהר שלעכט פערשטאנען. דו קענסט זיך פארשטעלען ווי קלעגליך מיר קומט יעצט פאר די קאָפּיע, ווען איך זעה דאָס אָרי־גינאל. דערפאר האָט ער אויך מורא געהאט מיר זאָלען זיך ניט טרעפען; און ווען דאָס האָט פאסירט, האָט ער באלד פערשטאנען אז זיין צייט איז אויס.

מ א ו ר י ס. אָרימער אדאָלף!

ה ע נ ר י ע ט א. מיר טהוט לייד פאר איהם, ווייל ער לייר־דעט אהן א שיעור.

מ א ו ר י ס. שא! אימיצער קומט!

ה ע נ ר י ע ט א. עס קען אמאל זיין, אז דאס איז ער.

מ א ו ר י ס. דאס וואלט געווען אונערטרעגליך.

ה ע נ ר י ע ט א. ניין, עס איז ניט ער. אבער ווען ער וואלט עס געווען, וואס דענקסטו וואלט דא פארגעקומען?

מ א ו ר י ס. צוערשט וואלט ער געווען אביסעל ברוגז'לעך אויף דיר, ווייל ער האט געמאכט א טעות אין פלאץ וואו אונז אפצוווארטען, און האט געזוכט אין פערשיעדענע קאפעע'ס — אבער דיעזער ברוגז וואלט גלייך איבערגעגאנגען אין פרייד, וואס ער האט אונז דא געטראפען — און וואס ער זעהט אז מיר האבען איהם ניט אפגענארט און אין דער פרייד, און דורך דעם אונרעכט וואס ער האט אונז געטהאן דורך זיין פערדאכט, וועט ער אונז ביי־דע ליעבען; און דאן וואלט ער זיין ענטציקט וואס מיר זענען גע־ווארען אזעלכע גוטע פריינד; און אז דאס איז אימער זיין טרוים געווען — הם! ער האלט יעצט א רעדע! זיין טרוים דאס מיר דריי זאלען פארמירען א טריאומף־ראטה וועלכער זאל קענען צייר־גען דער וועלט א ביישפיעל פון פריינדשאפט וועלכע פאדערט קיין זאך ניט — „יא, מאורים, איך פערלאז זיך אויף דיר טהיילווייז ווייל דו ביזט מיין פריינד, און טהיילווייז ווייל דיינע געפיהלען זענען געבונדען מיט אן אנדערע".

ה ע נ ר י ע ט א. בראווא! דו האסט שוין געמוזט זיין אין אזא לאגע וואס דו ווייסט די זאך אזוי פינקטליך איבערצוגעבען. ווייסטו אז אדאלף איז פון די דרייער מענשען וועלכער קען זיך ניט אונטערהאלטען מיט זיין געליעבטע ווען זיינער א פריינד איז ניטא דערביי.

מ א ו ר י ס. דארום בין איך איינגעלאדען געווארען דיך צו אמוזירען — שא! מיר דוכט זיך איך הער אימעצען אין דרויר־סען. — ס'מוז זיין ער.

ה ע נ ר י ע ט א. ניין. ווייסטו דען ניט, אז יעצט איז די שטונדע ווען געשפענסטער געהן ארום. מען קען יעצט א סך

הערגען און טהיילמאל אויך זעהן, וואכען בײנאכט ווען מען דארף שלאפען האט פאר מיר דעם זעלבען רייץ ווי א פערברעכען. מען שטעלט זיך איבער אין אויסערהאלב די נאטור־געזעצע.

מ א ו ר י ס. אבער די שטראף איז שרעקליך... מיך פריהרט אדער שווידערט, איינם פון די ביידע.

ה ע נ'ר י ע ט א. (נעהמט איהר אפערא־מאנטעל און הענגט איהם אן אויף איהם) טהו דאס אן וועט דיר ווערען ווארים.

מ א ו ר י ס. דאס איז שעהן. ס'איז ווי איך וואלט זיין אין דיין הויט. ווי מיין קערפער פון וואכען וואלט זיך אויפגעלעזט און איבערגעגאסען אין דיין פארם; איך פיהל, ווי איך ווער איבערגע־שמאלצען; אבער איך בעקום אויך א נייע זעעלע, נייע געדאנקען, און דא וואו דיין ברוסט האט א צייכען געלאזט, פאנגט זיך מיינע אן צו הויבען...

(דער פיאניסט אין נעבען־צימער, האט וועהרענד דער גאנצער סצענע געשפיעלט ד־מאלל־סענאטא, באלד פיאניססימא, באלד וואהנזיניג פארטיססימא; באלד איז ער שטיל געבליבען, און באלד האט זיך אויך געהערט די טאקטען 96־107 פון דעם פינאל).

מ א ו ר י ס. וואס פאר אן אונמענש, שפיעלט דאס אזוי שפעט אין דער נאכט אויף דער פיאנא. איך ווער קראנק דערפון. ווייסטו וואס: לאמיר פאהרען אין בולאנער וועלדעל און דארט פריהשטיקען אין פאוויליאן, און זעהן ווי די זונן וועט אויפגעהן.

ה ע נ ר י ע ט א. גוט!

מ א ו ר י ס. אבער צוערשט וויל איך אנשרייבען א בריוועל און דאס אוועקשיקען א היים און זיך הייסען שיקען דארט אין פאוויליאן מיין פאסט און מיינע מארגען־צייטונגען. הער נור, הענ־ריעטא, זאלען מיר איינלאדען אדאלף'ן?

ה ע נ ר י ע ט א. אך דאס וועט זיין גאר גרויסארטיג! הא־הא! זאל ער קומען! דער עזעל וועט אויך קענען איינגעשפאנט ווערען פאר'ן טריאומף־וואגען! זאל ער קומען! (זיי הויבען זיך אויף).

מ א ו ר י ס. (נעהמט פון זיך ארונטער דעם מאנטעל) דאן וועל איך אנקלונגען.

ה ע נ ר י ע ט א. וואַרט אַן אויגענבליק! (זי וואַרפט זיך אין זיינע אָרימס).

(פאָרהאנג).

(צווייטעס בילד).

(אַ גרויסער פּראַכטפאָלער רעסטאָראַנט־צימער אין בולאָנער וועלדעל. דאָס צימער איז אויסמעבלירט מיט רייכע טעפּי־כער, שפּיגלען, לעהן־שטוהלען, און דיוואַנען. אין הינטער־גרונד גלעזערנע טהירען און פענסטער וועלכע קוקען אַרויס אויף די אַזערעס. אין פאָדערגרונד אַ טיש, געדעקט מיט בלו־מען, פּרוכט־שאַלען, ווייןן־גראַפינקעס, אויסטער־שיסלען, פער־שיעדענע וויין־גלעזער און צוויי אָנגעצונדענע קאַנדעליאַב־רעס. רעכטס אַ רונדער טיש מיט צייטונגען און טעלעגראַמען. מאָורים און הענריעטא זיצען איינער געגען אַנדערן נעבען טיש. אין דרויסען האַלט די זון אין אויפגעהן.)

מ א ו ר י ס. ס'קען מעהר קיין צווייפעל ניט זיין! די צייטונגען זאָגען מיר דאָס און די אַלע טעלעגראַמען וואָס גראַטולירען מיר מיט מיין ערפאָלג. א ניי לעבען פאַנגט זיך אָן; היינט ביינאַכט האָבען זיך אונזערע שיקזאַלס פערבונדען, דו ביזט געווען די איינציגע, וואָס האָט אנטהייל גענומען אין מיינע האָפנונגען און אין מיין טריאומף. פון דיין האַנד האָב איך אויך געקראָגען דעם לאָר־בער־קראַנץ, און מיר ווייזט זיך אויס אז איך האָב אַלעס פון דיר געקראָגען.

ה ע נ ר י ע ט א. ס'אַרא וואונדערבאַרע נאַכט דאָס איז גע־ווען! האָבען מיר דאָס געטרוימט, אָדער האָבען מיר עס ווירקליך דורכגעלעבט?

מ א ו ר י ס. (הויבט זיך אויף) און וואָס פאַר א מאָרגען נאָך דיזער נאַכט! איך גלויב, אז דאָס איז דער ערשטער טאָג וואָס די זון בעלייכט די וועלט; יעצט איז ערשט די וועלט בעשאַפען געוואָ־רען. דאָרט ליגט דער גן־עדן אין רויזען־ליכט פון דער מאָרגען־רויטקייט; און דאָ איז דאָס ערשטע מענשען־פּאָר... ווייסטו, איך בין אזוי גליקליך, אז מיר וואָלט זיך וועלען ווייגען וואָרום די גאַנצע וועלט איז ניט אזוי גליקליך ווי איך.. הערסטו, ווי עס ברויזט אין דער ווייטקייט ווי ים־כוואַליעס געגען א שטיינערנעם שטראַנד: ווי דער ווינד אין וואַלד: ווייסטו וואָס דאָס איז? דאָס איז פּאַריז וואָס פליסטערט יעצט מיין נאָמען. זעהסטו די רויך־זיילען וואָס שטייגען

ארויף צום הימעל, די טויזענד זיילען, דאס זענען מיינע אלטאר־פייערען. און אויב עס איז ניט מוז עס זיין, ווייל איך וויל אזוי! אלע טעלעגראף־אפאראטען קלאפען אין יעצטיגען מאמענט מיין נא־מען. דער אריענט־עקספרעס פיהרט די צייטונגען צום וויטען מזרח און דער אקעאן־דאמפפער טראגט זיי נאך דעם וויטסטען צפון. די ערד איז מיינע, און דארום איז זי שעהן. מיר װאלט זיך יעצט װע־לען האבען פאר אונז ביידען פליגלען אום מיר זאלען זיך קענען ערהויבען אין דער לופט און אוועקפליהען וויט, גאנץ וויט איידער מען בעשמוצט מיר מיין גליק, איידער די קנאה קען מיך אויפווע־קען פון מיין טרוים — דען עס איז וואהרשיינליך א טרוים.

הענריעטא. (רייכט איהם די האנד) דא איז מיין האנד, און פיהל אז דו טרוימסט ניט.

מאורים. עס איז ניט קיין טרוים; אבער א טרוים איז עס געוועזן. ווייסטו, ווען איך בין געווען אן ארימער יונגעל פלעג איך ארומגעהן דא הינטען אין וואלד און ארויפבליקען צו דיעזען פא־וויליאן; ער פלעגט מיר פארקומען ווי א מערכען־שלאס, און מיינע געדאנקען פלעגען מיך פערטראגען אין דיעזען צימער מיט דעם באלקאן און שווערע גארדינען, און איך האב זיך פארגעשטעלט אלס די הערליכסטע זאך צו קענען זיצען דא אינעווייניג און פער־ברענגען מיט א ליעבענדע פרוי ווען די זונן וועט אויפגעהן, און די קאנדעליאברעס זאלען נאך ברענען. דאס איז געוועזען מיין גרעסטער יוגענד־טרוים. יעצט איז ער פערווירקליכט געווארען... יעצט האב איך מעהר גאר ניט צו פערלאנגען פון דעם לעבען — ווילסטו יעצט שטארבען מיט מיר?

הענריעטא. ניין, נאר איינער! יעצט ווילט זיך מיר ערשט אנפאנגען צו לעבען.

מאורים. (הויבט זיך אויף) לעבען, דאס איז ליידען!... יעצט קומט די ווירקליכקייט. איך קען הערען זיינע טריט אויף די טרעפ. ער ציטערט פון אונרוה, זיין הארץ קלאפט פון אנגסט וואס ער האט פערלוירען דאס טהייערסטע. וועסטו גלויבען, ווען איך וועל דיר זאגען דאס אדאלף איז אונטער דיעזען דאך? — אין א מינוט ארום וועט ער שטעהן אין מיטען צימער.

הענריעטא. (אונרוהיג) עס איז געוועזן א נארישער איינפאל איהם אהערצו איינצולאדען, און איך האב שוין דערויף חרטה. — איבריגענס, מיר וועלען זעהן צי עס וועט זיין פונקט אזוי ריכטיג ווי דו האסט עס געמאלען.

מאוריס. מען קען אבער אויך אמאל האבען א טעות ווע־גען א מענשענ'ס געפיהלען.

(דער אויבער־קעלנער קומט מיט א קארד).

מאוריס. (לעזט איבער די קארד) לאזט אריין דעם הערר! (צו הענריעטא'ן) איך האב מורא, מיר וועלען דאס בערייען.

הענריעטא. מיר האבען זיך צו שפעט בעדאכט, — שטיל!

(אדאלף קומט אריין, זעהט אויס זעהר בלייך און מיט איינגעפא־לענע אויגען).

מאוריס. (פערזוכט צו רעדען גלייך ווי קיין זאך וואלט פאסירט) זעה נור, וואו ביזטו געוועזן געסטערן אווענד?

אדאלף. איך האב אייך געזוכט אין האטעל דע אררעה, און האב געווארט א גאנצע שעה.

מאוריס. דאן ביזטו ניט געוועזן אויפ'ן ריכטיגען פלאץ. מיר האבען אויף דיר געווארט אין דער אבערזש דע אדרעה א פאר שטונדען, און ווי דו זעהסט, ערווארטען מיר דיך נאך ביז יעצט.

אדאלף. (ערלייכטערט) גאט זיי דאנק!

הענריעטא. גוט מארגען, מיין פריינד. דו שטעלסט זיך אימער פאר דאס ערגסטע, און קוועלסט זיך אומזיסט. יעצט האסטו זיך מסתמא איינגעבילדעט, אז מיר האבען געוואלט אויסווייכען דיין געזעלשאפט, און אבוואהל דו זעהסט אז מיר האבען נאך דיר געשיקט, מוזטו נאך אלץ דענקען אז דו ביזט איבריג.

אדאלף. פערצייה מיר, איך האב אונרעכט, — אבער דיע־זע נאכט איז פאר מיר געוועזן זעהר א שרעקליכע... (זיי זעצען זיך, פיינליכעס שווייגען).

הענריעטא. (צו אדאלף) נו, ווילסטו ניט גראטולירען מאוריס'ן צו זיין גרויסען ערפאלג?

אדאלף. אַך, יאָ! דו האָסט געהאַט אַ סאָלידען ערפאָלג, וועלכען זאָגאר די נייד זעלבסט קען ניט אפּלייקענען. אַלעס בויגט זיך פאר דיר, און איך פיהל זיך גאַנץ קליין אין דיין געגענוואַרט.

מאוריס. אונזינן! הענריעטא, זיי אַזוי גוט, גיב אדאָלף'ן אַ גלאָז וויין.

אדאָלף. אַ דאַנק! איך וויל ניט; איך וויל קיין זאַך ניט.

הענריעטא. וואָס איז דיר? ביזטו קראַנק?

אדאָלף. ניין; אבער אין אַ שטאַנד דאָס צו ווערען.

הענריעטא. דיינע אויגען.

אדאָלף. וואָס?

מאוריס. ווי איז עפּעס נעכטען געווען אין קאַפּעע־הויז: מען איז אויף מיר זיכער אין כעס געווען.

אדאָלף. קיינער איז אויף דיר ניט געווען אין כעס; אָבער דיין אַבוועזענהייט האָט פעראורזאַכט אַ געדריקטע שטימונג, וועלכע האָט מיך געשמערצט צו זעהן; דאַך, בייז, קענסטו מיר גלויבען איז אויף דיר קיינער ניט געווען. דיינע פריינד האָבען פערשטאַנען און האָבען בעגריפען דיין אויסבלייבען מיט דער גאַנצער נאַכזיכט פון סימפּאַטיע. מאַדאַם קאַטהערינא האָט דיך גענומען אונטער איהר שוץ און האָט געטרונקען צו דיין געזונד. מיר האָבען זיך אַלע געפרעהט מיט דיין ערפאָלג, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אונזערער.

הענריעטא. וואָס פאר אַ פיינע מענשען! וואָס פאר אַ גוטע פריינד דו האָסט, מאוריס.

מאוריס. יאָ, בעסערע ווי איך פערדיען.

אדאָלף. קיינער האָט קיין בעסערע פריינד ווי מען פערדיענט; און דו ביזט אַ מאַן וואָס ביזט בעליעבט ביי דיינע פריינד. פיהלסטו דען ניט ווי ווייך די לופט איז היינט פון די פערשיעדענע געדאַנקען און וויינשע וואָס שטראָמען צו דיר פון טויזענד ברוסטען?

(מאוריס הויבט זיך אויף אום צו פערבאָרגען זיין ריהרונג).

אדאָלף. ...פון די טויזענד ברוסטען, וועלכע דו האָסט בעפרייט פון דעם קאָשמאַר וואָס האָט זיי געדרוקט פון פיעלע יאָהרען. די מענשהייט איז פערלוימדעט געווען... און דו האָסט זי ווידער

דערהויבען; און דערפאר זענען די מענשען דיר דאנקבאר. היינט האלטען זיי ווידער הויך דעם קאָפּ און זאָגען: מיר זענען אביסעל בעסער ווי אונזער רעפּוטאציע, און דער געדאנק אליין מאכט זיי אויך בעסער...

הענריעטא. (זוכט צו פערבארגען איהר ריהרונג).

אדאָלף. שטער איך פיעלייכט? לאָז מיך נור אביסעל אָנווארימען אין דיין זונען־שיין, מאורים, און דאַן וועל איך ווידער געהן.

מאוריס. ווארום ווילסטו געהן? ביזט דאָך ערשט גע־קומען.

אדאָלף. ווארום? ווייל איך זעה, וואָס איך האָב ניט בע־דארפט זעהן. ווייל איך פערשטעה יעצט, אז מיין צייט איז אויס. (שווייגען) דאָס וואָס דו האָסט נאָך מיר געשיקט נעהם איך אָן אלס אן איבערלעגטע האנדלונג מיר בעקאנט צו מאכען וואָס עס איז פאָרגעקומען (שווייגען) אָבער, מיין פריינד, איך בין ערשט דורכ־געגאנגען דורך דער קירכע סענט־זשערמען, און האָב דאָרט געזעהן אַ פרוי און אַ קינד. איך ווינש ניט, אז דו זאָלסט זיי האָבען גע־זעהן; דען דאָס וואָס איז געשעהן קען שוין ניט געענדערט ווערען; אָבער ווען דו וואָלסט זיי געווידמעט אַ וואָרט, אָדער אַ געדאנק איידער דו האָסט זיי פערלאָזען אין דער גרויסער שטאָדט ווי אויף אן אָפענעם ים, דאַן וואָלסטו געקענט געניסען דיין גליק אונגע־שטערט; און יעצט זאָג איך: זיי געזונד.

הענריעטא. ווארום ווילסטו געהן?

אדאָלף. און דו פרעגסט נאָך? ווילסט אז איך זאָל דאָס זאָגען?

הענריעטא. ניין, איך וויל ניט.

אדאָלף. דאַן, לעב וואָהל! (געהט אָב).

מאוריס. דער זינדענפאל: „און זעה! זיי האָבען דער־זעהן, אז זיי זענען נאקעט“.

הענריעטא. ווי פערשיעדען איז די סצענע פון דער וועל־בע מיר האָבען זיך פאָרגעשטעלט — ער איז בעסער פון אונז.

מ א ו ר י ס. עס זעהט מיר יעצט אויס, אז אלע מענשען זענען בעסער פאר מיר.

ה ע נ ר י ע ט א. דו זעהסט, די זונן איז פערשוואונדען אונ־טער די וואלקענס, און דער וואלד האט זיין רויזען־פארב פערלוי־רען.

מ א ו ר י ס. יא, איך זעה. און די בלויע אזערעס זענען שווארץ געווארען... לאמיר אוועקפליהען אויף א פלאץ ווי דער הי־מעל איז שטענדיג בלוי און די בוימער גרין.

ה ע נ ר י ע ט א. יא, לאמיר דאס טהאן — און מיט קיי־נעם זיך ניט געזעגענען.

מ א ו ר י ס. דאס ניט; מיר מוזען זיך מיט אלעמען געזע־גענען.

ה ע נ ר י ע ט א. מיר האבען דאך געזאלט פליהען. דו האסט גערעדט פון פליגעל — און דיינע פיס זענען ווי בליי — איך בין ניט אייפערזיכטיג, אבער ווען דו וועסט זיך געהן געזעגענען, און וועסט ווערען ארומגענומען פון צוויי פאר ארימס וועסטו זיך שוין מעהר ניט קענען אפרייסען.

מ א ו ר י ס. דו האסט רעכט. ס'איז גענוג איין פאר קליי־נע ארימס וואס זאל מיך קענען פעסט האלטען.

ה ע נ ר י ע ט א. דאס קינד אלזא בינדט דיך, און ניט די פרוי?

מ א ו ר י ס. דאס קינד.

ה ע נ ר י ע ט א. דאס קינד! דאס קינד פון אן אנדערע! און דערפאר מוז איך ליידען. ווארום מוז דאס קינד מיר שטעהן אין וועג ווען איך וויל געהן פארווערטס, און מוז געהן פארווערטס?

מ א ו ר י ס. יא. ווארום! עס וואלט געווען בעסער, ווען עס וואלט גאר אין גאנצען ניט עקזיסטירט!

ה ע נ ר י ע ט א. (שפרייזט אויפגערעגט הין און צוריק) גאנץ זיכער! אבער יעצט עקזיסטירט עס! ווי א שטיין אין וועג; א טיעף איינגעוואקסענער שטיין; אן אונבעוועגליכער, אזוי אז ער מוז אומווארפען דעם וואגען!

מ א ו ר י ס. דעם טריאומף־וואגען! דער עזעל איז אויף טויט

איבערגעפאָהרען אָבער דער שטיין ליגט נאָך! א פלוך דאריבער! (שווייגען).

ה ע נ ר י ע ט א. מען קען קיין זאך ניט טהאָן.

מ א ו ר י ס. יא, מיר מוזען הייראטהען; דאן וועט אונזער קינד אונז מאכען פערגעסען דאָס אנדערע.

ה ע נ ר י ע ט א. דאָס וועט דאָס אנדערע טויטען!

מ א ו ר י ס. טויטען! וואָס איז דאָס פאר א וואָרט?

ה ע נ ר י ע ט א. (ענדערט איהר שטימע) דיין קינד וועט אונזער ליעבע טויטען.

מ א ו ר י ס. אָה, ניין! אונזער ליעבע טויטעט אַלעס וואָס שטעהט איהר אין וועג; אָבער זי וועט קיינמאָל געטויטעט ווערען!

ה ע נ ר י ע ט א. (עפענט א פעשעל קאָרטען וואָס ליגט אויפ'ן קאמין) דו זעהסט, דאָס פיפטעל־דיימאָנד! דער עשאפאָט! איז עס מעגליך אז אונזער שיקזאל ווערט פאָראוים בעשטימט? אז אונזערע געדאנקען ווערען געפיהרט ווי דורך א רעהר צום פלאץ ווי זיי ווי־לען, אהן זיי צו קענען הינדערן? ניין, איך וויל ניט דאָרט אהין! איך וויל ניט דאָרט אהין! ווייסטו אז איך וועל מוזען געהן אויפ'ן עשאפאָט ווען מיין פערברעכען וועט ענטדעקט ווערען?

מ א ו ר י ס. ערצעהל מיר פון דיין פערברעכען; יעצט איז די ריכטיגע צייט דערפאָר.

ה ע נ ר י ע ט א. ניין, איך וועל נאָכהער בערייען און דו וועסט מיך פערהאסען! — ניין! ניין! ניין! — האָסטו אמאָל גע־הערט דערפון, אז האס קען טויטען א מענשען. — מיין פאָטער איז געהאסט געוואָרען פון מיין מוטער און שוועסטער, און ער איז צו־שמאָלצען געוואָרען ווי וואקס אונטער'ן פייער. אך, ניין! לאָמיר רעדען פון עפּעס אנדערש. — און פאר אַלעמען לאָמיר אוועק פון דאנען. דאָ איז די לופט פערגיפטעט. מאָרגען וועט דיין לאָרבער־קראַנץ זיין פערוועלקט, דער טריאומף פערגעסען, און אין אכט טאָג שפּעטער וועט אנאַנדער זיעגער ציהען די אויפמערקזאמקייט פון פובּליקום. לאָמיר אוועק פון דאנען און ארבייטען פאר נייע זיעגע! אָבער צוערשט, מאורים, מוסטו געהן און אומארמען דיין קינד, און

זאָרגען פאר זיין נאָהענטע צוקונפט; די מוטער ברויכסטו ניט צו טרעפען.

מ א ו ר י ס. אַ דאנק. דיין הארץ פערשאפט דיר עהרע, און איך ליעב דיך דאָפּעלט ווען דו צייגסט ארויס דיין גוטסקייט וועל־כע דו בעהאלטסט.

ה ע נ ר י ע ט א. און דאן ווערסטו געהן אין קאפעע־הויז און זאָגען „זיי געזונד" צו דער אלטער און צו דיינע פריינד; און זעה, לאָז ניט קיין אונערלעדיגטע געשעפטען אונטער זיך, ווייל דאָס קען שווער מאכען דיינע געדאנקען אויף דער רייזע.

מ א ו ר י ס. איך וועל אלעס איינאָרדנען, און היינט ביינאכט וועלען מיר זיך טרעפען אויפ'ן באהן־הויף.

ה ע נ ר י ע ט א. אָפּגעמאכט! און דאן וועלען מיר אוועק פון דאנען — אוועק מיט דעם וועג וואָס פיהרט צום ים און צו דער זונן!

(פאָרהאנג)

# דריטער אקט.

(ערשטעס בילד)

(קאטהערינא'ס קאפפעע־הויז. די גאז איז אָנגעצונדען. מאַדאם קאטהערינא זיצט ביים בופעט. אַדאָלף ביי אַ טיש).

קאטהערינא. ליעבער הערר אַדאָלף, אזוי איז דאָס לע־בען, אבער איהר יונגע פערלאנגט צו פיעל, און דערפאר קומט איהר נאָכהער אהער און איהר האָט וואָס צו רעדען.

אדאָלף. ניין, ס'איז ניט דאָס; איך מאַך קיינעם קיין פאָרוואירפע ניט, און האלט נאָך פון זייביידען זעהר פיעל; אבער איין זאַך קרענקט מיך. איהר זעהט, איך האָב מאורים'ן געליעבט מעהר ווי אירגענד א זאנדער פערזאָן אויף דער וועלט. איך האָב אַלעס געטהאָן וואָס האָט איהם געקענט פערשאפפען פרייד, אבער יעצט האָב איך איהם פערלוירען, און דאָס טהוט מיר מעהר וועה ווי איהר פערלוסט. איך האָב זיי ביידע פערלוירען, און דערפאר פיהלט זיך די איינזאמקייט דאָפּעלט שמערצליכער. אָבער אויך עטוואָס אנדערש איז מיר נאָך ניט גאַנץ קלאָהר.

קאטהערינע. גריבעלט אייך ניט אזוי פיעל. ארבייט און צושטרייט אייך. געהט איהר צום ביישפיעל קיינמאָל אין קירכע?

אדאָלף. וואָס האָב איך דאָרט צו טהאָן?

קאטהערינע. אָה, ס'איז דאָרט דאָ פיעל צו זעהן, און א חוץ דעם די מוזיק.. דאָרט, וועניגסטענס איז קיין זאַך באנאַל.

אדאָלף. מעגליך; אבער איך בעלאנג ניט צו דיעזע מענשען; מיך ריהרט דאָס ניט, און א חוץ דעם, מאדאם קאטהערינא, גלויבען זאָגט מען איז א גאבע, און איך האָב זי נאָך ניט.

קאטהערינא. נו, ווארט ביז איהר וועט זי קריגען. — אָבער וואָס האָב איך געהערט היינט אין דער־פריה, איז דאָס אמת

אז איהר האָט פערקויפט אייער'ס א בילד אין לאָנדאָן פאר א זעהר הויכען פּרייז, און איהר האָט בעקומען א מעדאל?

אַ ד אָ ל ף. יא, ס'איז אמת.

קאַטהעריינאַ. גרויסער גאָט! און איהר האָט גאָר־דער־פון קיין איין וואָרט ניט גערעדט.

אַ ד אָ ל ף. איך שרעק זיך פאר'ן גליק; און איבריגענס איז דאָס מיר אין דיעזען אויגענבליק ווערטהלאָז; איך שרעק זיך דער־פאר ווי פאר א געשפּענסט. מען טאָר דערפון קיינמאָל ניט רעדען. ווען ניט ברענגט דאָס אומגליק.

קאַטהעריינאַ. נאַ, איהר זענט פון אימער צו אַ זאַנ־דערבארער מענש.

אַ ד אָ ל ף. ניין, מאדאם קאטהערינא, איך האָב שוין גע־זעהן פיעל מאָל אז אומגליק קומט נאָך גליק, און אז מען האָט שטענדיג טרייע פריינד ווען מען איז ניט מזל'דיג, ווי ווען מען איז ערפאָלגרייך. איהר האָט מיך געפרעגט, אויב איך געה אין קירכע, און איך האָב אייך געענטפערט אויסווייכענד. ווייסט איהר, היינט אין דער פריה בין איך אריינגעגאנגען אין דער סאנט־זשערמען קירכע, אליין ניט ווּיסענדיג וואָרום. ס'האָט אויסגעזעהן ווי איך וואָלט געזוכט איינעם — איינעם וועלכען איך זאָל קענען אין דער שטיל דאנקען; אבער איך האָב קיינעם ניט געפונען. דאן האָב איך אריינגעוואָרפען א גאָלד שטיק אין די פּושקע פאר די אָרימע; און דאָס איז געווען אלעס וואָס איך האָב ארויסגעקראָגען פון מיין קירכען־בעזוך; און דאָס קען מען זאָגען איז געווען זעהר באנאל.

קאַטהעריינאַ. נו, עפּעס איז דאָך עס יא געווען; און ס'איז אויך געווען זעהר שעהן פון אייך, אז אין א טאָג וואָס איהר האָט געהערט גוטע נייעס האָט איהר אויך אין זינען געהאט די אָרימע.

אַ ד אָ ל ף. ס'איז ניט געווען שעהן, און אויך ניט עטוואָס אנדערש, ס'איז געווען א זאך וואס כ'האָב געטהאָן, ווייל איך האָב זיך אנדערש ניט געקענט העלפען. אבער איך האָב אויך עטוואָס אנ־דערס בעמערקט אין דער קירכע: איך האָב נעמליך געזעהן מאַר־ריס'עס פריינדין, זשעאנע און זיין קינד. איבערגעפּאָהרענע און

צומאַלטע פון זיין טריאומף־וואגען האבען זיי אויסגעזעהן צו זיין פאַלקאַמען בעוואוסט פון זייער גאנצען אומגליק.

ק א ט ה ע ר י נ א. אה, קינדער, ווי איהר קומט דורך מיט אייער געוויסען ווייס איך ניט. אבער ווי אַזאַ גוטער, אַזאַ געוויסענהאפטער, פיינפיהלענדער מאן ווי מאורים האָט געקענט פערלאָזען זיין פרוי און קינד קען איך ניט פערשטעהן.

א ד אָ ל ף. איך קען דאָס אויך ניט פערשטעהן; און ער אליין ציינגט אויס, פערשטעהט דאָס אויך ניט. איך האָב זיי געטראָפען היינט אין דער פריה, און אלעס איז זיי פארגעקומען אזוי נאַטירליך, אזוי ריכטיג ווי זיי וואָלטען גאר אנדערש ניט געקענט פערשטעהן. ס'האָט אויסגעזעהן ווי זיי וואָלטען געניסען די בעפריעדיגונג פון א גוטער האנדלונג, אדער די ערפיהלונג פון א הייליגע פליכט. פרוי קאטהערינא, עס איז דאָ זאכען וועלכע מיר קענען ניט בעגרייפען און דערפאר טאָרען מיר ניט משפט'ן. איבריגענס, איהר האָט דאָך געזעהן ווי דאָס אלעס האָט פאסירט. מאוריס האָט געפיהלט די געפאהר אין דער לופט. איך האָב דאָס אויך געאהנט, און דערפאר האָב איך געזוכט זייער צוזאמענטרעפען צו פערהיטען. מאורים האָט געוואָלט אנטלויפען, אבער ס'האָט ניט געהאָלפען. עס זעהט אויס ווי דאָ וואָלט געשפינען געוואָרען אן אינטריגע פון אן אונזיכטבארע קראַפט וועלכע האָט זיי מיט חיטראָסט געטריבען איינעם אין דעם צווייטענס אָרימס. איך בין זיכער ניט אונפּארטייאיש אין דער זאך, אבער איך צעגער ניט אויסצושפּרעכען דאָס ווארט: „ניט שולדיג“.

ק א ט ה ע ר י נ א. זעהט איהר, צו קענען אזוי פערצייהען ווי איהר טהוט עס, דאָס איז רעליגיאָן!

א ד אָ ל ף. גאָט אין הימעל, זאָל זיין אז איך בין רעליגיעז און וויים אליין ניט דערפון.

ק א ט ה ע ר י נ א. אבער זעהט איהר, זיך צו לאָזען אזוי טרייבען, אדער פערנארען צום בייזען ווי הערר מאורים האָט געטהאָן דאָס איז שוואכהייט, אָדער שלעכטיגקייט; דען ווען מען פיהלט אז די אייגענע כחות פערלאָזען דארף מען בעטען פאר הילף, און אז מען בעט, קריגט מען. ער האָט עס אבער ניט געטהאָן, ער

איז געווען צו שטאַלץ דערויף! ווער קומט דאָרט? — איך גלויב ס'איז דער אבבע.

אַ ד אָ ל ף. וואָס זוכט ער דאָ?

אַ ב ב ע. (קומט אריין) גוטען אבענד, מאדאם! גוטען אבענד, מיין הערר!

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. קען איך אייך מיט עטוואס דיענען, הערר אבבע?

אַ ב ב ע. איז הערר מאורים, דער שרייבער דאָ היינט גע־ווען?

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. ניין, היינט ניט. זיינע א דראמא איז ערשט אויפגעפיהרט געוואָרען אין טהעאטער, איז ער וואהרשיינ־ליך דאָרט בעשעפטיגט.

אַ ב ב ע. איך האָב איהם א טרויעריגע נייעס מיטצוטהיילען; טרויעריג מעהר ווי אין איין הינזיכט.

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. מעג איך פרעגען וואָס פאר אַ?

אַ ב ב ע. נאַ, ס'איז קיין סוד ניט. דאָס קינד וואס ער האָט געהאט מיט זיין געליעבטער איז טויט.

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. טויט!

אַ ד אָ ל ף. מאריאַן טויט!

אַ ב ב ע. יאַ, זי איז געשטארבען היינט פריה ניט זייענדיג קראנק בעפאָר.

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. אָה, גאָט! ווער קען וויסען דיינע ווע־גען!

אַ ב ב ע. די פערצווייפלונג פון דער מוטער איז אזוי גרויס, אַז עס פאָדערט זיך מאורים'עס אנוועזענהייט, און מיר מוזען איהם זעהן אויפצוזוכען. אבער צוערשט א פערטרויליכע פראגע: ווייסט איהר ניט, אויב הערר מאורים האָט ליעב געהאט זיין קינד, אָדער איז ער דערצו געווען גלייכגילטיג?

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. אויב ער האָט ליעב געהאט זיין מאריאַן? ווער ווייסט ניט אז ער האָט זי געליעבט מיט'ן גאנצען הארצען?

אַ ד אַ ל ף. דעריבער איז גאָר ניטאָ וואָס צו צווייפלען, הערר אבבע.

א ב ב ע. דאָס פרעהט מיך צו הערען; און יעצט איז שוין די זאַך פאר מיר קלאָהר.

אַ ד אָ ל ף. האָט דען דעריבער געהערשט א צווייפעל?

א ב ב ע. ליידער יא. עס געהט זאגאר ארום א קלאַנג אין קווארטאל, אז ער האָט פערלאָזען זיין פרוי און קינד, אום ער זאָל קענען ענטלויפען מיט אן אנדערער. דיעזער קלאַנג איז שוין זאגאר אויסגעוואקסען אין א בעשטימטער בעשולדיגונג, און די ערבי־טערונג געגען איהם איז שוין אויסגעוואקסען צו אַזאַ הויכער שטופע, אַז ער ווערט געסטראשעט מיט'ן לעבען און ער ווערט גערופען מער־דער.

ק א ט ה ע ר י נ א. גרויסער גאָט, וואס איז דאָס? וואָס זאָל דאָס בַעדייטען?

אַ ב ב ע. נון, איך וויל אייך זאגען מיין מיינונג — איך גלויב אז דער מאַן איז אונשולדיג, און אַזוי גלויבט אויך די מוטער. אבער לויט די בעווייזע איז אַלעס געגען איהם, און עס וועט פאר איהם זיין זעהר שווער די זאַך אויפצוקלעהרען ווען די פּאָליציי וועט דאָס קומען אונטערזוכען.

ק א ט ה ע ר י נא. האָט דען די פּאָליציי גענומען די זאַך אין איהרע הענד?

א ב ב ע. יא, די פּאָליציי האָט זיך אריינגעמישט אום איהם צו שיצען געגען די בייזע קלאַנגען און געגען דעם צארן פון פאָלק. ס'קען מעגליך זיין אז דער קאמיסאר זאָל דאַ באלד זיין.

ק א ט ה ע ר י נ ע. (צו אדאָלף'ן) זעהט איהר וואָס עס פּאַ־סיערט ווען מען קען ניט אונטערשיידען פון גוטעס ביז שלעכ־טעס? גאָט שטראפט!

א ד אָ ל ף. דאַן איז ער מעהר אונבארעמהערציג ווי די מענ־שען.

א ב ב ע. וואָס ווייסט איהר פון אַזעלכע זאכען?

אַ ד אָ ל ף. גראדע ניט פיעל; אבער איך זעה דאָס וואס עס פּאַסירט.

א ב ב ע. און פערשטעהט איהר דאָס אויך?

אַ ד אָ ל ף. פיעלייכט נאָך ניט.

א ב ב ע. לאָמיר די זאַך גענויער בעטראַכטען. — אָה, דאָ איז דער קאָמיסאַר.

ק אָ מ י ס א ר. (קומט אַריין) מיינע העררן, מאַדאַם קאַטהערינאַ, איך מוז אייך שטערען אַן אויגענבליק מיט אייניגע פראַגען וועגען הערר מאוריס'ן. איך גלויב אַז איהר האָט עס שוין געמוזט הערען. ער איז געוואָרען אַ קרבן דורך אַן אבשייליכען קלאַנג. איך וויל אבער זאָגען אַז איך גלויב ניט אין דעם.

ק א ט ה ע ר י נ א. פון אונז גלויבט עס אויך קיינער ניט.

ק אָ מ י ס א ר. דאָס שטאַרקט מיין איבערצייגונג. אבער צו־ליעב איהם אליין מוז איך איהם געבען אַ געלעגענהייט צו פערטהיידיגען זיך.

א ב ב ע. דאָס איז גוט. און איך גלויב אַז ער וועט שוין געפינען גערעכטיגקייט ווי שווער דאָס זאָל איהם ניט אָנקומען.

ק אָ מ י ס א ר. לויט די בעווייזע וואָס עס טראַגען זיך אַרום, איז אַלעס געגען איהם. און איך האָב שוין געזעהען אַ סך פעלע ווי אונשולדיגע ענדיגען אויפ'ן עשאַפאָט איידער זייער אוּשולד איז בעוויזען געוואָרען. אבער צוערשט הערט וואָס מען רעדט אויף איהם: „די מוטער האָט דאָס קינד מאַריאָן איבערגעלאָזען אליין אין הויז; דאָס קינד איז וועהרענד דיעזער צייט בעזוכט געוואָרען פונ'ם פאַטער וועלכער ווי עס צייגט אויס זאָל האָבען אויסגעפאַרשט דעם מאָמענט ווען דאָס קינד איז אליין. אין אַ פערטעל שעה נאָך זיין בעזוך איז די מוטער צוריקגעקומען, און האָט געפונען דאָס קינד טוידט. דאָס איז אַ פערדריסליכער אומשטאַנד פאַר דעם אַנגעקלאָגטען. די אונטערזוכונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען, האָט ניט בעוויזען קיין אויסערליכע גוואַלדטהאַט און ניט קיין שפּורען פון גיפט; אבער די דאָקטוירים ערקלעהרען, אַז עס איז פאַראַנגען נייע ערפינדעטער גיפט, וואָס לאָזט אונטער זיך קיינע שפּורען. פאַר מיר איז דאָס נור אַ צופעליגעס צוזאַמענטרעפען פון אומשטענדען, וואָס איך בין שוין געוואוינט צו זעהן, אבער עס איז פאַראַנען נאָך ערגערעס — נעכטען אווענד איז ערשיענען הערר מאוריס אין דער אבערזש דע אדרעה מיט אַ פרעמדער דאַמע. זייער געשפּרעך האָט זיך געדרעהט, לויט די אויסזאַגונגען פון קעלנער,

וועגען פערברעכענס. דער ראקעטע פּלאַץ און דער עשאפּאַט איז דער־מאַהנט געוואָרען. דאָס איז אַ זאָנדערבארער געשפּרעך פון צוויי ליע־בענדע גוט ערצויגענע און פון גוטער שטעלונג! — דאָס אַלעס וואָלט נאָך אַלץ גאָרניט בעדייטעט; ווייל מיר ווייסען פון ערפאהרונג, דאָס מאנכע מענשען זענען גענייגט פון ניט שלאָפען און טרינקען אויס־צוגראבען דאָס שלעכטסטע וואָס ליגט אויפ׳ן גרונד פון זייערע זעעלען. זעהר ערנסט זענען די בעווייזע פון דעם אויבער־קעלנער וואָס ער האָט געהערט ביי זייער שאמפּאניער־פריהשטיק היינט אין דער פריה. עס הייסט, אז ער האָט געהערט, אז זיי האָבען געוואונ־שען אַ קינד אומצובריינגען. דער מאַן זאָל האָבען געזאָגט: „בע־סער וואָלט דאס קיינמאָל ניט עקזיסטירט". אויף וואס די פרוי האָט געענטפערט „זיכער! אבער יעצט איז עס דאָ" און אין וויי־טערן געשפּרעך זענען געפלויגען די פאָלגענדע ווערטער: „דאָס זאָל דאָס אנדערע טויטען!" אויף וואָס דער אנטוואָרט איז געווען „טוי־טען וואס איז דאָס פאר אַ ווארט!" ווייטער: „אונזער ליעבע טוי־טעט אַלעס וואס שטעהט איהר אין וועג!" און דאן: „דער עשאַ־פּאַט, דער ראקעטע פּלאַץ!" איהר זעהט, דערפון וועט זיך זיין שווער ארויסצודרעהען, און איך האָב מורא, אז זיי מוזען אויפגע־בען זייער פּלאַן וועגען זייער רייזע אין אויסלאנד. די זאַך איז גאַנץ ערנסט.

אַ ד אָ ל ף. ער איז פערלוירען!

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. וואס פאר אַ שרעקליכע געשיכטע! איך ווייס שוין אַליין ניט וואָס צו גלויבען!

אַ ב ב ע. (פול ערנסט) ניין, דאָס איז ניט די ארבייט פון קיין מענשען! זאָל אויף איהם גאָט רחמנות האָבען.

אַ ד אָ ל ף. ער איז אריין אין אַ נעץ און וועט שוין קיינמאָל מעהר ניט ארויס.

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. ער האָט ניט געהאט קיין מאָראַלישען רעכט אריין צו געהן אין דיעזען נעץ.

אַ ד אָ ל ף. פאנגט איהר איהם אויך אָן צו פערדעכטיגען, מאדאם קאטהערינא?

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. יאַ, און ניין. איך קען מעהר אין דיעזער

זאך קיין בעשטימטע מיינונג ניט האבען. האט איהר דען ניט געזעהן מלאכים זיך פערוואנדלען אין טייוואלים אזוי שנעל ווי מען גיט א דרעה מיט'ן האנד, און באלד ווידער צוריק אין מלאכים?

קאמיסאר. וואונדערליך זעהט עס אויס. אבער מיר וועלען ווארטען און הערען וואס ער זעלבסט האט צו זאגען. קיינער ווערט פעראורטהיילט אונגערעכט. א גוטען אבענד, מיין הערר! א גוטען אבענד, מאדאם קאטהערינא. (געהט ארויס).

אבבע. (פול ערנסט) דא איז ניט קיין ארבייט פון קיין מענשען.

אדאלף. עס זעהט אויס, ווי דאס וואלט זיין די ארבייט פון דעמאנען אום אונטערצוגראבען דאס לעבען פון א מענשען.

אבבע. ענטוועדער דאס איז א שטראף פאר אן אונבעוואוסטער שולד, אדער עס איז א שרעקליכער נסיון.

זשעאנע. (קומט אריין אין טרויער) גוטען אוועגד. פערצייהעט מיין פרעגען; איז הערר מאורים דא געוועזן?

קאטהערינא. ניין. אבער ער קען דא אנקומען יעדען אויגענבליק.. האט איהר איהם ניט געזעהן זינט...

זשעאנע. ניין, ניט זינט נעכטען פריה.

קאטהערינא. ערלויבט מיר אנטהייל צו נעהמען אין אייער גרויסען צער.

זשעאנע. איך דאנק אייך, מאדאם. (צום אבבע) איהר זענט אויך דא, פאטער?

אבבע. יא, מיין קינד; איך האב געגלויבט אז איך וועל אייך דא קענען עטוואס נוצען בריינגען; און ס'איז טאקע געוועזן א גליק וואס איך האב יעצט געקענט רעדען מיט'ן קאמיסאר.

זשעאנע. מיט'ן קאמיסאר? ער פערדעכטיגט דאך זיכער ניט מאורים'ן?

אבבע. ניין, דאס טהוט ער ניט, און דאס טהוט אויך קיינער פון אונז. אבער לויט די אונטערזוכונג איז אלעס געגען איהם.

זשעאנע. איהר מיינט דורך דעם געשפרעך וואס די קעלנערס האבען אונטערגעהערט. — פאר מיר בעדייטעט עס גאר ניט. איך האב שוין פון איהם עהנליכעס געהערט, ווען ער האט אין זיך

געהאט עטליכע גלעזלעך. ווען ער איז שכור'ליך איז אימער זיין גע־וואָהנהייט צו פאנטאזירען וועגען פערברעכענס און שטראָף. אבער דאָ ווי עס ווייזט אוים איז געווען אָ פרוי, וועלכע האָט געוואָרפען מיט דיעזע שרעקליכע אויסדריקע. און איך וואָלט נאָך אויך געוואָלט דיעזער פרוי קוקען גלייך אין די אויגען אריין!

א ד אָ ל ף. מיין בעסטע זשעאַנע, דיעזע פרוי, וויפיעל שלעכטס זי זאָל אייך ניט האָבען געטהאָן, האָט זי דאָס זיכער ניט געטהאָן מיט קיין בייזער אבזיכט. זי האָט איבערהויפט קיין שום אבזיכט געהאט. זי האָט מעהר ניט ווי געפאָלגט די בעפעהלע פון איהר הארצען. איך קען זי אלס א גוטע זעעלע, און איך וויים אז זי קען פערטראגען ווען מען קוקט איהר אין די אויגען אריין.

ז ש ע א נ ע. אייער אורטהייל אין דיעזער זאך, הערר אדאָלף, האָט פאר מיר א גרויסען ווערטה, און איך גלויב אייך. איך קען אל־זאָ די שולד וועגען דעם וואָס עס איז געשעהן אין ערגיץ ניט זוכען ווי נור ביי זיך אליין. יא, עס איז מיין לייכטזיננ, וואָס ווערט יעצט געשטראָפט. (זי וויינט).

א ב ב ע. קיינע אונגערעכטע קלאגען געגען זיך זעלבסט. איך קען אייך און אייער ערנסטען זינען מיט וועלכער איהר האָט אויפ־גענומען די מוטערשאפט; און דאָס וואָס אייער בערוף איז ניט גע־הייליגט געוואָרען פון דער רעליגיע און געזעץ איז ניט אייער שולד. ניין, דאָ שטעהען מיר פאר עטוואס אנדערס.

א ד אָ ל ף. וואָס דען?

א ב ב ע. ווער קען וויסען.

(העגריעטא קומט אריין אין רייזע־קליידער.

א ד אָ ל ף. (בעשליסט זיך אָ פריהער, דאָן הויבט ער זיך אויף און געהט צו צו איהר) דו דאָ?

ה ע נ ר י ע ט א. וואו איז מאוריס?

א ד אָ ל ף. ווייסטו... אָדער ווייסטו ניט?

ה ע נ ר י ע ט א. איך וויים אלעס. ענטשולדיגט, מאדאם קאטהערינא, איך בין שוין געווען גרייט אָפצורייזען און האָב גע־מוזט אהער קומען פאר אן אויגענבליק. (צו אדאָלף) ווער איז דיעזע

דאמע? — אה! (הענריעטא און זשעאנע קוקען זיך שטארק אן. עמיל ערשיינט אין דער קיך־טהיר).

ה ע נ ר י ע ט א. (צו זשעאנע׳ן) איך וואלט צו אייך וועלען רעדען א פאר ווערטער, אבער איך קען ניט, ווייל איך וויים, אז וואס איך זאל אייך ניט זאגען וועט פאר אייך קלינגען ווי רויהייט און שפאט. אבער ליעבסטע פרוי, ווען איך בעט אייך גאנץ איינפאך מיר צו גלויבען אז איך פיהל מיט אייער צער פונקט ווי איינער וואס שטעהט נאהענט צו אייך דארפט איהר זיך ניט אפקעהרען פון מיר — איהר דארפט דאס ניט ווייל איך פערדיען אייער מיטלייד, אדער וויינינגסטענס אייער געדולד. (רייכט איהר די האנד).

ז ש ע א נ ע. (קוקט איהר שטארק אן) יעצט גלויב איך אייך דאך אין נעכסטען אויגענבליק ניט. (נעהמט הענריעטא׳ס האנד).

ה ע נ ר י ע ט א. (קוסט זשעאנ׳ס האנד) איך דאנק אייך!

ז ש ע א נ ע. (ציהט צוריק איהר האנד) אך, ניין! איך פער־דיען עס ניט!

א ב ב ע. ענטשולדיגט, אזוי ווי מיר זענען דא אלע פער־זאמעלט, און פריעדען שיינט צו הערשען אין דיעזען אויגענבליק, וואלט פיעלייכט פריילין הענריעטא ניט געקענט ווארפען א שיין איבער דער אונגעוויסהייט און טונקעלהייט וואס ליגט איבער דעם הויפט־פונקט פון דער אנקלאגע? איך בעט אייך ווי צווישען פריינד, אונז צו זאגען, וואס האט איהר געמיינט מיט די רייד וועגען טויי־טען, פערברעכען און ראקעטע פלאץ? אז דיעזע ווערטער האבען קיין צוזאמענהאנג מיט׳ן טויט פון קינד, דאס וויסען מיר. אבער ס׳וואלט אונז דאפעלט בערוהיגט, ווען מיר זאלען וויסען וואס איהר האט ווירקליך געמיינט מיט די דאזיגע ווערטער. ווילט איהר עס אונז ניט זאגען?

ה ע נ ר י ע ט א. (נאך א פויזע) דאס קען איך ניט זאגען! איך קען ניט!

א ד א ל ף. זאג עס, הענריעטא; זאג א ווארט וואס זאל אונז אלע מאכען פיהלען פרייער.

ה ע נ ר י ע ט א. איך קען ניט. בעט מיך ניט.

א ב ב ע. (פול ערנסט) דאָס איז ניט די ארבייט פון קיין מענשען!

ה ע נ ר י ע ט א. אך, אז דיעזער מאָמענט האָט בעדארפט קומען; און אויף אזא אופן! (צו זשעאנע'ן) מאדאם, איך שווער אייך, אז איך בין ניט שולדיג אין אייער קינד'ס טויט. איז דאָס גענוג?

ז ש ע א נ ע. פאר מיר איז עס גענוג, אבער ניט פאר די גערעכטיגקייט.

ה ע נ ר י ע ט א. די גערעכטיגקייט! ווען איהר זאָלט וויסען ווי אמת איהר האָט יעצט געזאָגט!

א ב ב ע. (צו הענריעטא'ן) און איהר זאָלט וויסען וואָס איהר האָט יעצט געזאָגט!

ה ע נ ר י ע ט א. ווייסט איהר עס דען בעסער פאר מיר?

א ב ב ע. יא, איך וויים! (הענריעטא בעטראכט דעם אבבע).

א ב ב ע. איהר דארפט גאר קיין מורא ניט האָבען; ווייל איך זאָל אפילו וויסען אייער געהיימנים, וואָלט איך אייך אויך ניט פערראטהען. איבריגענס, מיט דער מענשליכער גערעכטיגקייט האָב איך קיין זאך צו טהאָן; איך האָב נור צו טהאָן מיט געטליכער בארעמהערציגקייט.

מ א ו ר י ס. (קומט האסטיג אריין, געקליידעט ווי צום אפרייזען; ער זעהט ניט אלע וועלכע שטעהן אין פאָדערגרונד, נור געהט גלייך צו צום קאונטער וואו מאדאם קאטהערינא זיצט) פרוי קאטהערינא, איהר זענט דאך ניט בייז וואָס איך בין ניט געקומען. דערפאר בין איך זיך יעצט געקומען ענטשולדיגען איידער איך פאָהר אפ היינט אכט אוהר נאך זידען.

(קאטהערינא שטום, קען קיין וואָרט ניט רעדען).

מ א ו ר י ס. איהר זענט אלזאָ בייז אויף מיר? (קוקט זיך ארום) וואָס איז דאָס? — איז דאָס א טרוים, אדער וואָס אנדערש? — עס זעהט דאָ אוים ווי אין א וואקס־מוזעאום — דאָ שטעהט זשעאנע געקליידעט אין שווארצען — הענריעטא זעהט אוים ווי א מת — וואָס בעדייטעט דאָס? (אלע שווייגען).

מ א ו ר י ס. קיינער ענטפערט ניט! — דאָס מוז אלזאָ עט־

וואָס שרעקליכעס בעדייטען. (שווייגען) אבער ענטפערט דאָך! — אדאָלף מיין פריינד, וואָס איז דאָס? — און (ציינט אויף עמיל'ן) דאָרט שטעהט א דעטעקטיוו.

א ד אָ ל ף. (קומט פאָרוועדטס) ווי עס ציינט אויס, ווייסטו קיין זאַך ניט.

מ א ו ר י ס. ניין, קיין זאַך ניט. אבער איך וויל עס וויסען.

א ד אָ ל ף. נו, דאַן.. מאַריאַן איז טויט!

מ א ו ר י ס. מאַריאַן טויט?!

א ד אָ ל ף. יאָ, זי איז געשטאָרבען היינט פריה.

מ א ו ר י ס. (צו זשעאַנע'ן) און דערפאַר געהסטו אין טרויער? זשעאַנע, זשעאַנע, ווער האָט דאָס אונז געטהאָן?

ז ש ע א נ ע. דער וואָס האָט אין זיין האַנט לעבען און טויט.

מ א ו ר י ס. אבער איך האָב זי דאָך היינט פריה געזעהן געזונד און מונטער. ווי האָט עס פּאַסירט? ווער האָט עס געטהאָן? אימיצער האָט עס אונז געמוזט טהאָן. (זיינע אויגען זוכען הענריעטא'ן).

א ד אָ ל ף. זוך דאָ ניט קיין שולדיגע, ווייל דו וועסט ניט געפינען. ליידער האָט אבער די פּאָליציי געוואָרפען א פערדאַכט אין אזאַ ריכטונג און וועלכער דאָס האָט קיינמאָל ניט בעדאַרפט פּאַסירען.

מ א ו ר י ס. וואָס איז דאָס?

א ד אָ ל ף. נאָ. דו מעגסט עס וויסען, דיין אונפאָרזיכטיגע רייד לעצטע נאַכט און היינט אין דער פריה האָט דיך אוועקגעשטעלט אין א ליכט, וואָס ס'איז זעהר ניט גוט פאַר דיר.

מ א ו ר י ס. זיי האָבען זיך אַלזאָ אונטערגעהערט! — לאָמיך זיך נור עראינערען וואָס מיר האָבען געפּלאַפּעלט! — עס איז אמת! — יאָ איך בין פערלוירען!

א ד אָ ל ף. דאַן ערקלעהר אונז דיינע אונאיבערלעגטע ווערטער און מיר וועלען דיר גלויבען.

מ א ו ר י ס. איך קען ניט! איך וויל ניט! איך וועל געהן אין געפענגניס. אבער וואָס מאַכט עס אויס! מאַריאַן איז טויט! טויט! און איך האָב זי געטויטעט! (אַלגעמיינע ערשטוינונג).

אַ ד אַ ל ף. בעדענקט זיך וואס דו זאגסט; וועג דיינע ווער־טער! ווייסטו וואָס דו האסט יעצט געזאָגט?

מ א ו ר י ס. וואָס האָב איך געזאָגט?

אַ ד אַ ל ף. דו האסט געזאָגט, אז דו האסט געטויטעט מאריאַן.

מ א ו ר י ס. איז דען דאָ פאַראַן א מענש וואס קען גלויבען אַז איך בין א מערדער? אז איך האָב געקענט טויטען מיין אייגענע קינד? איהר, מאדאם קאטהערינא, איהר קענט דאָך מיך; זאגט, גלויבט איהר דאָס? אה? —

ק אַ ט ה ע ר י נ א. איך וויים יעצט ניט מעהר וואס איך זאָל גלויבען. פון וואָס דאָס הארץ איז פול דערפון רעדט דאָס מויל; און איהר האָט יעצט זעהר בייזע און שרעקליכע ווערטער גע־רעדט.

מ א ו ר י ס. זי גלויבט מיר ניט!

אַ ד אַ ל ף. אבער ערקלעהר זיך דאָך: ערקלעהר וואס דו האסט דערמיט געמיינט דאָס, „דיין ליעבע טויטעט אלעס וואָס שטעהט איהר אין וועג"!

מ א ו ר י ס. דאָס ווייסען זיי אויך! — ווילסטו דאָס ניט ערקלעהרען, הענריעטא?

ה ע נ ר י ע ט א. איך קען דאָס ניט!

אַ ב ב ע. אויב אַזוי, מוז אין דיעזען שפיעל זיין עטוואס שלעכטעס, און איך מוז אייך זאָגען, מיינע פריינד, אז איהר האָט פערלוירען מיין סימפּאַטהיע. איך האָב ערשט געוואָלט שווערען אז איהר זענט אונשולדיג, אבער יעצט וואָלט איך עס מעהר ניט גע־טהאָן.

מ א ו ר י ס. (צו זשעאנע׳ן) וואס דו ועסט זאָגען בעדייטעט פאר מיר מעהר ווי אלע אנדערע.

ז ש ע א נ ע. (קאלט) ענטפער. צוערשט אויף דיעזער פראגע: ווער איז דאָס געווען וועמען דו האָסט געשאָלטען וועהרענד דער זויפעריי אין וועלדעל?

מ א ו ר י ס. האָב איך אויך דאָס געטהאָן? פיעלייכט. יא, יא, איך בין שולדיג, און אויך אונשולדיג! לאָזט מיך אוועקגעהן

פון דאנען, ווייל איך שעהם זיך. צו גרויס זענען מיינע שלעכטע טהאטען, איך זאל זיי מיר קענען פערצייהען.

ה ע נ ר י ע ט א. (צו אדאלף) געה מיט מיט איהם, ווען ניט קען ער זיך נאך עטוואס אנטהאן.

א ד א ל ף. זאל איך?

ה ע נ ר י ע ט א. ווער דען?

א ד א ל ף. (אהן ביטערקייט) דו ביזט נעהענטער דאס צו — שטיל! א וואגען שטעלט זיך דא אפ אין דרויסען.

ק א ט ה ע ר י נ א. דאס איז דער קאמיסאר. איך האב שוין זעהר פיעל געזעהן אין לעבען, אבער איך וואלט קיינמאל ניט גע־גלויבט אז ערפאלג און בעריהמטהייט זאלען זיין אזעלכע קורץ אנ־האלטענדע זאכען.

מ א ו ר י ס. (צו העגריעטא'ן) פון טריאומף־וואגען צום פאט־ראל וואגען!

ז ש ע א נ ע. (גאנץ איינפאך) און פאראויס דער עזעל — ווער איז דאס געווען?

א ד א ל ף. דאס האב איך געמוזט זיין.

ק א מ י ס א ר. (קומט מיט א פאפיער אין האנט) א לאדונג אין דעם פאליציי־צירקעל — גלייך היינט אווענד — פאר מאוריס זשע־ארד און פריילין העגריעטא מאוקלערק. — ביידע אנוועזענד?

מ א ו ר י ס און ה ע נ ר י ע ט א. יא!

מ א ו ר י ס. זענען מיר ארעסטירט?

ק א מ י ס א ר. ניין, נאך נים. דאס איז בלויז א לאדונג אין פאליציי־צירקעל.

מ א ו ר י ס. או זדאן?

ק א מ י ס א ר. דאס קען מען נאך ניט וויסען. (מאוריס און העגריעטא געהן צום טהיר).

מ א ו ר י ס. לעבט אלע וואהל! (אלע גערירהט).

(דער קאמיסאר, מאוריס און העגריעטא געהען ארויס).

ע מ י ל. (קומט אריין, געהט צו זשעאנע'ן) יעצט, שוועסטער, געה איך מיט דיר א היים.

ז ש ע א נ ע. נו, וואס זאגסטו צו דעם אלעמען?

ע מ י ל. דער מאן איז אונשולדיג!

א ב ב ע. ס'קען זיין; אבער צו ברעכען זיין ווארט איז נאך מיין מיינונג א פעראכטונגס־ווערטהע האנדלונג, און נאך מעהר אויפערצייהליכער איז עס, ווען עס האנדעלט זיך וועגען א פרוי און קינד.

ע מ י ל. איך וואלט אוודאי בעדארפט אויך אזוי גלויבען ווען עס האנדעלט זיך וועגען מיין שוועסטער; אבער איך קען לײדער קיין שטיין ניט ווארפען, ווייל איך האב בעגאנגען די זעלבע שולד.

א ב ב ע. הגם איך בין ריין אין דיעזען פונקט, ווארף איך אויך קיין שטיין ניט. אזא האנדלונג משפט זיך זעלבסט און בע־שטראפט זיך דורך איהרע פאלגען.

ז ש ע א נ ע. בעט פאר איהם! בעט פאר זיי ביידען!

א ב ב ע. ניין, דאס טהו איך ניט; דען עס איז אונבעשייד־דען צו ווערען ענדערן די בעשליסע פון הימעל. ווארים דאס וואס איז דא געשעהן איז זיכער ניט די ארבייט פון קיין מענשען!

(פארהאנג).

---

(צווייטעס בילד)

---

(די אבערזש דע אדרעה. אדאלף און הענריעטא זיצען ביי'ם זעלבען טיש וואו מאורים און הענריעטא זענען געזעסען אין צווייטען אקט. אדאלף האט פאר זיך א טאסע קאפע, הענריע־טא גארניט).

א ד א ל ף. דו גלויבסט אלזא אז ער וועט קומען אהער?

ה ע נ ר י ע ט א. גאנץ בעשטימט. ער איז נאך מיטאג־צייט בעפרייט געווארען דורך מאנגלענדע בעווייזע. ער וויל זיך אבער ניט צייגען אין דרויסען איידער עס וועט נאכט ווערען.

א ד א ל ף. דער ארעמער מענש! — ווייסטו, זייט געסטערן

איז מיר דאָס לעבען נמאס געוואָרען.

הענריעטא. און מיר? איך שרעק זיך צו לעבען, קען קוים אטהעמען, וואג קוים צו דענקען, ווארים איך ווייס אז ניט נור מיינע ווערטער שפּיאָנירט מען נאָך, נור אויך מיינע געדאנקען.

אדאָלף. דאָ זענט איהר אלזא נעכטען אוועגד געזעסען ווען איך האָב אייך געזוכט און ניט געקענט געפונען?

הענריעטא. יא, אבער רעד ניט דערפון; מיר ווילט זיך שטארבען פון שאנדע ווען איך דענק דערפון. אדאָלף, דו ביזט פון א בעסערען שטאָף ווי איך און ער.

אדאָלף. שא — שא.

הענריעטא. יא, יא! און וואס איז דאָס געווען וואָס האָט מיך געמאכט דאָ צו בלייבען? איך בין געווען מאט, איך בין געווען מיעד; זיין ערפאלג האָט מיך בערוישט און בעצויבערט — איך קען עס אליין ניט ערקלעהרען. אבער ווען דו וואָלסט געקומען, וואָלט קיין זאך ניט פּאסירט — דאָ היינט ביזטו דער גרויסער און ער דער נידריגער, נידריגער פון די נידריגסטע. געסטערן איז ער געווען דער בעזיצער פון הונדערט טויזענד פראנק, און היינט פער־מאָגט ער גארניט, ווייל מען האָט זיין דראמא ארונטערגענומען. ער קען זיך קיינמאָל ניט ריינוואשען פאר דער עפענטליכער מיינונג, ווייל זיי ריכטען איהם פאר זיין אונטרייהייט אזוי שטרענג, פּונקט ווי ער וואָלט טאקע זיין דער מערדער. — און די וועלכע קענען דענ־קען אביסעלע טיפער, גלויבען אז דאָס קינד איז געשטארבען פון זאָרג, און אז ער איז פערא נטוואָרטליך דערפאר.

אדאָלף. הענריעטא, דו ווייסט מיין מיינונג אין דיעזער זאך; אבער איך וואָלט וועלען זיין פּאָלקאָם בעוואוסט אז איהר זענט ריין. ווילסטו מיר ניט זאָגען וואָס עס בעדייטען דיינע שרעק־ליכע ווערטער? עס קען דאָך ניט זיין בלויז א צופאל, דאָס וואָס איהר האָט גערעדט אין אן אונטערהאלטענדען מאָמענט וועגען טויטען און וועגען עשאפאָט.

הענריעטא. עס איז ניט געווען קיין צופאל. ס'איז גע־ווען עטוואס וואָס ס'האָט געמוזט געזאָגט ווערען, און עטוואס פון

וואס איך קען ניט רעדען, ווייל איך האב קיין רעכט ניט צו שטעהן ריין פאר דיר ווען איך בין עס ניט.

א ד א ל ף. דאס פערשטעה איך ניט.

ה ע נ ר י ע ט א. דאן לאמיר רעדען פון עטוואס אנדערס.— גלויבסטו ניט, אז צווישען אונז געהן ארום פריי, פיעלע אונבע־שטראפטע פערברעכער, און אז מאנכע פון זיי זענען נאך אונזערע אינטימע פריינד?

א ד א ל ף. (אונרוהיג) וואס? וואס מיינסטו?

ה ע נ ר י ע ט א. גלויבסטו ניט, אז יעדער מענש מאכט זיך ווען עס איז אין זיין לעבען שולדיג אין א האנדלונג, פאר וועלכע, ווען ער זאל ענטדעקט ווערען, וואלט ער פון געזעץ בעשטראפט געווארען?

א ד א ל ף. יא, דאס גלויב איך; אבער קיין בייזע האנדלונג בלייבט אונבעשטראפט פון'ם אייגענעם געוויסען. (הויבט זיך אויף. קנעפעלט אויף זיין ראק) און — קיינער קען ניט זיין קיין ווירקליך גוטער מענש, ווער ס'האט ניט בעגאנגען קיין פערברעכען. (אטהעמט שווער) ווייל אום צו קענען פערצייהען, מוז מען זיך זעלבסט האבען גענויטיגט אין פערצייהונג — איך האב געהאט א פריינד וועלכען מיר פלעגען בעטראכטען אלס א מוסטערהאפטען מענש. ער האט זיך קיינמאל בענוצט מיט א הארט ווארט געגען אירגענד א מענשען, ער האט פערצייהעט אלעס און אלעמען און בעשימפפונגען פלעגט ער אויפנעהמען מיט א וואונדערבארער צופריעדענהייט; די זאך איז אונמעגליך געווען צו דערקלעהרען. שליעסליך, ווען ער איז שוין גאנץ אלט געווען, האט ער מיר ערקלעהרט זיין געהיימניס מיט איין ווארט: איך בין א בעל תשובה. (זעצט זיך צוריק).

(הענריעטא, שטיל; בעטראכט איהם מיט פערוואונדערונג).

א ד א ל ף. (ווי פאר זיך) עס זענען פאראנען פערברעכענס וועלכע ווערען ניט אויפגענומען אין געזעץ־בוך, און דיעזע זענען די ערגסטע; ווייל פאר זיי דארפען מיר זיך זעלבסט בעשטראפען, און קיין ריכטער קען ניט זיין אזוי שטרענג געגען אונז ווי מיר אליין זענען דאס.

ה ע נ ר י ע ט א. (נאך א פויזע) און דיין פריינד, האט ער

געפונען פריעדען?

א ד א ל ף. נאָך א לאנגע זעלבסט־קוועלעריי האָט ער דער־גרייכט א געוויסען גראד פון רוה. אבער דאָס לעבען האָט פאַר איהם לײדער מעהר קיין פרייד ניט געהאט; ער האָט קיינמאָל געוואגט אנצונעהמען אויסצייכנונגען; קיינמאָל געוואגט זיך צו פיהלען בע־רעכטיגט צו א גוט וואָרט, אדער צו א ליוב ווארט; מיט איין וואָרט, ער האָט זיך ניט געקענט פערצייהען.

ה ע נ ר י ע ט א. קיינמאָל? וואס האָט ער געטהאָן?

א ד א ל ף. ער האָט געוואונשען דעם טויט פון זיין פאָטער: און ווען זיין פאָטער איז פלוצלונג געשטארבען, האָט ער זיך איינ־גערעדט, אז ער האָט איהם ערמאָרדעט. דיעזע איינבילדונג איז בע־טראכט געוואָרען אלס א קראנקהייט, און מען האָט איהם אריינגע־געבען אין אן אנשטאלט פון וועלכען ער איז מיט א צייט שפּעטער ארויס. ווי מיר רופען עס א געזונטער. אבער דער שולד־געפיהל איז אין איהם נאָך אלץ געזעסען, און דארום האָט ער ניט אויפגעהערט זיך צו שטראפען פאר זיינע בייזע געדאנקען.

ה ע נ ר י ע ט א. ביזטו זיכער, אז דער בייזער ווילען קען ניט געטויטעט ווערען?

א ד א ל ף. דו מיינסט אויף א מיסטישען ארט?

ה ע נ ר י ע ט א. ווי דו ווילסט. זאָל זיין מיסטיש. אין מיין אייגענער פאמיליע בין איך זיכער אז מיין מוטער און שוועסטער האָבען געטויטעט מיין פאָטער מיט זייער האס. ער האָט נעמליך גע־האט אן אבשייליכע אידעע זיך צו שטעלען געגען אונזערע נייגונגען און ווינשע: דערמיט האָט ער ערוועקט געגען זיך א ווידערשטאנד וועלכער איז געוואָרען אלץ מעהר און מעהר אָנגעפיהלט מיט האס־עלעמענטען; דיעזע האס־עלעמענטען זענען שליעסליך געוואָרען אזוי שטארק, אז ער האָט דערפון אָנגעפאנגען איינצודארען, פערלוירען זיין ווילען, און אם ענדע זיך אליין געוואונשען דעם טויט.

א ד א ל ף. און דיין געוויסען האָט דיך קיינמאָל ניט געפּלאגט?

ה ע נ ר י ע ט א. ניין... איך ווייס אייגענטליך ניט וואָס דאָס איז אזוינס געוויסען.

א ד א ל ף. ניין? דאָן וועסטו זיך עס באלד דערוויסען.

(שווייגען) ווי דענקסטו וועט מאורים אויסזעהן ווען ער וועט אהער קומען? וואָס גלויבסטו וועט ער זאָגען?

הענריעטא. ווייסטו, נעכטען ווען מיר האָבען דיך ער־וואַרטעט, האָבען מיר אויך געפּרוּבירט טרעפען דאָס זעלבע.

אדאָלף. נו?

הענריעטא. און געטראָפען האָבען מיר פּונקט פער־קעהרט.

אדאָלף. קענסטו מיר זאָגען, ווארום איהר האָט געשיקט נאָך מיר?

הענריעטא. דאָס איז געווען חוצפּה, העזה, איינפאַכע גרויזאַמקייט.

אדאָלף. ווי מאָדנע, דו גיסט צו דיינע פעהלער און דו בע־רייעסט ניט.

הענריעטא. קען זיין דערפאַר, ווייל איך פיהל זיך ניט אין גאַנצען פעראַנטוואָרטליך פאַר זיי. זיי זענען ווי דער שמוץ מיט וועלכען מען קומט טעגליך אין בעריהרונג, און וועלכען מען וואַשט אָפּ ווען די נאַכט קומט. — דאָך זאָג מיר, דענקסטו ווירקליך אַזוי הויך פון דער מענשהייט ווי דו בעהויפּטעסט?

אדאָלף. יאָ, מיר זענען אביסעל בעסער ווי מען דענקט פון אונז — און אביסעל ערגער.

הענריעטא. דאָס איז ניט געווען קיין ריכטיגער אנט־וואָרט.

אדאָלף. ניין, עס איז ניט געווען. — אָבער וועסטו מיר ענטפערען ווען איך וועל דיך פרעגען איין זאך ליבסטו נאָך מאוריסען?

הענריעטא. דאָס וועס איך ניט ביז איך וועל איהם ניט זעהן; דיעזען אויגענבליק פיהל איך ניט קיין פערלאַנג נאָך איהם, און מיר ווייזט זיך אויס אז איך וואָלט געקענט גאַנץ גוט אויסקומען אָהן איהם אויך.

אדאָלף. דאָס קען זיין. אָבער איך גלויב, אז דו ביזט צו פעסט צוגעשמיעדט צו זיין שיקזאַל — שטיל! ער קומט יעצט!

הענריעטא. ווי יעדע זאך ווידערהאָלט זיך, די זעלבע סי־

טואציע, די זעלבע ווערטער ווי נעכטען אבענד, ווען מיר האבען דיך ערוואַרטעט —

מ אַ ר י ס. (קומט אריין; ער איז טויט־בלאס, מיט איינגעפאלענע אויגען, ניט ראזירט) דאַ בין איך, גוטע פריינד, אויב איך בין עס נאָך, דען די פאַריגע נאכט אין געפענגניס האָט מיך אומגעוואנדעלט אין א גאנץ אנדערען מענשען. (ער בעטראכט הענריעטא'ן און אדאָלף'ן)

א ד אָ ל ף. זעץ זיך... נעם זיך צוזאמען, און דאן וועלען מיר איבערערעדען וואָס מיר האָבען צו טהאָן.

מ א ו ר י ס. (צו הענריעטא'ן) פיעלייכט בין איך דאָ איבעריג ?

א ד אָ ל ף. זיי ניט אזוי ביטער געגען אונז.

מ א ו ר י ס. איך בין אין די פיער־און־צוואנציג שעה געוואָרען שלעכט און פערדעכטעריש, אזוי, אז איך האָב מורא, איך וועל באלד דארפען בלייבען איינזאם, און ווער וויל דען זיצען און פערברענגען מיט א מערדער ?

ה ע נ ר י ע ט א. דו ביזט דאָך פריינעשפּראָכען.

מ א ו ר י ס. (נעהמט ארויס א צייטונג) פון דער פּאָליציי, אָבער ניט פון דער עפענטליכער מיינונג. אָט זעהט נאָר דאָ דעם מערדער מאורים זשעארד, דעם געוועזענעם דראמאטורג און זיין געליבטע הענריעטא מאוקלערק —

ה ע נ ר י ע ט א. אָה, מיין מוטער און מיינע שוועסטער ! מיין מוטער ! גאָט אין הימעל, ערבארעם זיך איבער מיר !

מ א ו ר י ס. איז דען אויף מיר צו זעהן אז איך בין א מערדער ? און מען ווארפט מיר אויך פאָר, אז איך האָב גע'גנב'ט מיין דראמא פון טהעאטער. ס'איז אלזאָ ניט איבערגעבליבען קיין שפּור פון דעם נעכטיגען זיגער ! אויף דער אָפישע פערנעהמט יעצט מיין פּלאַץ מיין פיינד אָקטאוו, און וועט איינקאסירען מיינע הונדערט טויזענד פראנק. אָ, סאָלאָן, סאָלאָן ! דאָס איז דאָס גליק. דאָס איז די עהרע ! דו ביזט גליקליך, אדאָלף, וואָס דו האָסט נאָך קיין גליק ניט געהאַט.

ה ע נ ר י ע ט א. דו ווייסט אלזאָ ניט אז אדאָלף האָט גע־

האט א גרויסען ערפאָלג אין לאָנדאָן, און האָט געקראָגען די ער־שטע מעדאל ?

מ א ו ר י ס. (פינסטער) ניין, איך ווייס דאָס ניט. איז דאָס אמת, אדאָלף ?

א ד אָ ל ף. עס איז אמת, אָבער איך האָב די מעדאל צוריק־געגעבען.

ה ע נ ר י ע ט א. (מיט א העפטיגער שטימע) דאָס האָב איך ניט געוואוסט. דו וואגסט אויך ניט אָנצונעהמען אויסצייכנונגען ווי דיין פריינד ?

א ד אָ ל ף. מיין פריינד ? (פערוווירט) אך. יאָ יאָ !

מ א ו ר י ס. דיין ערפאָלג פרעהט מיך, אָבער ער דער־ווייטערט אונז אויך איינעם פון צווייטען.

א ד אָ ל ף. איך האָב עס ערוואַרטעט; און איך גלויב, אז איך וועל זיין אזוי איינזאם מיט מיין ערפאָלג ווי דו מיט דיין מיס־ערפאָלג. מענשען קענען ניט ליידען ווען א צווייטער איז גליקליך. אך, ווי מיאוס דאָס לעבען איז !... ווי שרעקליך עס איז צו לעבען !

מ א ו ר י ס. דאָס זאָגסטו ! וואָסזשע זאָל איך שוין זאָגען? מיר ווייזט זיך אויס, ווי איבער מיינע אויגען וואָלט העגגען א שווארצער שלייער וועלכער האָט פאר מיר פערענדערט דעם פאָרם און די פארב פון לעבען. דיעזעם צימער איז דאָס זעלבע צימער ווי נעכטען, אָבער דאָך גאַנץ אַנדערש. איך קען אייך ביידען, און דאָך קומט איהר מיר פאָר גאַנץ ניי; איך זיץ דאָ און זוך ווערטער, ווייל איך ווייס ניט וואָס איך זאָל זאָגען ; איך וואָלט זיך בעדארפט ענטשולדיגען, אָבער איך קען ניט. און איך פערגעס כמעט דאָס גע־פענגנים וואָס האָט מיך בעשיצט געגען די נייגעריגע בליקען וועל־כע האָבען מיך געשטאָכען דורך און דורך. דער מערדער מאוריס און זיין געליבטע ! דו ליבסט מיך ניט מעהר, הענריעטא, און איך קימער זיך אויך גאַנץ ווייניג וועגען דיר. היינט זעהסטו אויס פאר מיר העסליך, אונגעלומפערט, אינהאַלטלאָז און אָבשטויסענד !

(צוויי מענער, ציוויל געקליידעט האָבען זיך אונבעמערקט אוועק־געזעצט אין הינטערגרונד ביי א טישעל).

א ד אָ ל ף. ווארט א ביסעל און נעהם צוזאמען דיינע גע־

דאנקען. דאָס וואָס דו ביזט פריינעשפּראָכען און ריינגעוואשען געד וואָרען פון יעדען פערדאכט מוז זיכער שטעהן אין אלע אבענד־ צייטונגען ; און דאָס מאכט א סוף צו דער גאנצער אנקלאגע. דיין דראמא וועט יעצט צוריק אויפגעפיהרט ווערען ; און אין ערגסטען פאל, קענסטו שרייבען א נייע. פערלאָז פאריז פאר א פּאָאר יאָהר ביז אלעם וועט פערגעסען ווערען. דו האָסט אויפגעריכטעט די מענשהייט, און דו אליין וועסט אויך אויפגעריכטעט ווערען.

מ א ו ר י ס. האהא ! די מענשהייט ! — האהא !

א ד אָ ל ף. דו האָסט אויפגעהערט צו גלויבען אין די גוטס־ קייט פון מענשען ?

מ א ו ר י ס. אויב איך האָב אמאָל געגלויבט אין דעם, האָב איך מעהר ניט ווי געוואָלט זיין העפליך צו די ווילדע חיות. ווען איך, וואָס בעלאנג צו די בעסערע, קען זיין אזוי פערפוילט דורך און דורך, וויזשע מוזען שוין זיין די אנדערע ?

א ד אָ ל ף. איך געה יעצט קויפען אלע אבענד־צייטונגען, און דאן וועלען מיר זיכער קענען די זאך בעטראכטען פון א גאנץ אנדערען שטאנדפּונקט.

מ א ו ר י ס. (ווענדעט זיך צום הינטערגרונד) צוויי דעטעק־ טיוון ! — דאָס הייסט, איך בין בעפרייט אונטער בעוואכונג, און איך קען זיך דורך אונפאָרזיכטיגע רייד פעררעטהען.

א ד אָ ל ף. דאָס זיינען קיין דעטעקטיוון. דאָס בילדעסטו זיך נור איין. איך קען זיי ביידען. (געהט צו דער טיהר.)

מ א ו ר י ס. לאָז אונז ניט אליין אדאָלף. הענריעטא און איך קענען נאָך קומען צו אָפענע ערקלעהרונגען. איך האָב מורא דערפאר.

א ד אָ ל ף. זיי פערנינפטיג, מאורים, און דענק פון דיין צוקונפט. העבריעטא, זוך איהם צו בערוהיגען; איך בין באלד ווידער דאָ. (געהט ארויס) .

ה ע נ ר י ע ט א. נו, מאורים, וואָס דענקסטו וועגען אונזער שולד אָדער אונשולד ?

מ א ו ר י ס. איך האָב קיינעם ניט געטויטעט. איך האָב בלויז געפלאפּעלט ווייל איך בין געוועזן שכור. דו אָבער האָסט געמיינט

גאנץ ערנסט, און דורך דיינע פערברעכערישע געדאנקען לייד איך יעצט.

ה ע נ ר י ע ט א. דו קענסט נאך רעדען אין אזא טאן? — ביזטו עם דען ניט געווען דער יעניגער וועלכער האסט געשאלטען דיין אייגען קינד, געוואונשען דעם טויט דערויף און געוואלט אפ־פאהרען אהן אבשיעד? — און איז דאס ניט געווזען איך, וועלכע האט דיך געבעטען צו בעזוכען מאריאז, און זיך צו צייגען פאר מא־דאם קאטהערינא?

מ א ו ר י ס. יא, דו האסט רעכט. פערצייה מיר. דו ביזט גע־ווען מענשליכער ווי איך; און די שולד איז מיינע. פערצייה מיר! אבער איך בין דאך אויך אנשולדיג! ווער האט געקניפט די נעץ ארום מיר פון וועלכער איך וועל זיך קיינמאל ניט קענען ארויס־פלאנטערן? שולדיג און ניט שולדיג; ניט שולדיג און שול־דיג. אך, איך ווער וואהנזיניג דערפון. זעה, זיי זיצען דארט און הערען זיך איין וואס מיר רעדען — קיין קעלנער קומט גארניט פאר בעשטעלונגען. איך'ל ארויסגעהן זיך בעשטעלען א טאסע קא־פע. ווילסטו עפעס?

ה ע נ ר י ע ט א. ניין. (מאורים געהט ארויס.)

ע ר ש ט ע ר ד ע ט ע ק ט י ו ו. (געהט צו צו הענריעטא'ן) לאז מיר זעהען דיינע פאפירען.

ה ע נ ר י ע ט א. דיינע! ווי וואגט איהר צו רעדען צו מיר אין אזא טאן?

ד ע ט ע ק ט י ו ו. וואגען? איך וועל דיר שוין צייגען ווי איך וואג!

ה ע נ ר י ע ט א. וואס מיינט איהר?

ד ע ט ע ק ט י ו ו. איך האב די אויפזיכט צו האלטען אן אויג אויף אזעלכע גאסען־פרויען ווי דו ביזט. נעכטען ביזטו אהער געקומען מיט איין מאן, היינט מיט א צווייטען. מיר פערשטעהן שוין די געשעפטען פון אזעלכע פויגעל ווי דו ביזט! דאמען אהן מענער ווערען דא ניט סערווירט; אלזא, ארויס פון דאנען, און קום מיט מיר.

ה ע נ ר י ע ט א. מיין בעגלייטער קומט באלד צוריק. —

ד ע ט ע ק ט י ו ו. א גאנץ שעהנער בעגלייטער, אבער אזא דאמע ווי דו קען ער ניט בעשיצען.

— ה ע נ ר י ע ט א. אך, גאט! מיין מוטער, מיינע שוועס־טער! — איך זאג אייך, איך בין פון אן אנשטענדיגער פאמיליע!

ד ע ט ע ק ט י ו ו. יא, איך שטעל זיך פאר פון גאר א פיינע! איבריגענס, דו ביזט גוט בעקאנט דורך די צייטונגען. קום!

ה ע נ ר י ע ט א. וואוהין? וואוהין זאל איך געהן?

ד ע ט ע ק ט י ו ו. אין דער פאליציי ביורא; דארט וועסטו קריגען א קליינינטשקע קארד; אן ערלויבנים־שיין, דאס וועט דיך אויך בעריכטיגען צו פרייע ערצטליכע אונטערזוכונג.

ה ע נ ר י ע ט א. אה, גאט אין הימעל, דאס איז ניט ערנסט!

ד ע ט ע ק ט י ו ו. (נעהמט הענריעטא'ן פאר'ן ארם) נו, איז דאס שוין ערנסט?

ה ע נ ר י ע ט א. (אויף די קניע) ראטעווע מיך! — מאורים! העלף מיר!

ד ע ט ע ק ט י ו ו. האלט ס'מויל! צום טייפעל מיט דיר!

(מאורים קומט אריין בעגלייטעט פון קעלנער).

ק ע ל נ ע ר. אזעלכע הערר'ן ווערען דא ניט סערווירט! בעצאהלט און געהט אייך! און נעהמט אויך מיט זיך מיט דיע־זע פרוי.

מ א ו ר י ם. (נידער שלאגען; זוכט אין זיין טייסטער) הענ־ריעטא, לעג אוים פאר מיר און לאמיר געהן. איך האב ביי זיך קיין איבריגען סו.

ק ע ל נ ע ר. אך, אזוי! די דאמע בעצאהלט פאר איהר אלפאנז! אלפאנז! ווייסטו וואס דאס איז?

ה ע נ ר י ע ט א. (זוכט אין איהר טייסטערעל) מיין גאט, איך האב קיין געלד ניט! ווארום קומט ניט אדאלף?

ד ע ט ע ק ט י ו ו. וואס פאר א שלעפערס! לאזט עפעס איבער פאר א משכ'ן, און פאקט אייך ארויס פון דאנען! אזעל־כע פרויען טראגען אימער פול רינגען אויף זייערע פינגער.

מ א ו ר י ם. קען דאס מעגליך זיין אז מיר זענען אזוי טיעף געזונקען?

ה ע נ ר י ע ט א. (נעהמט ארונטער א רינגעל פון פינגער און גיט עס דעם קעלנער) דער אבבע האט רעכט: דאס איז ניט די ארבייט פון קיין מענשען.

מ א ו ר י ס. דאס איז דעם טייפעל'ס ארבייט! — דאך זאָלען מיר וועלען אוועק איידער אדאלף קומט, וועט ער מיינען אז מיר האבען איהם בעטראָגען און אנטלאָפען.

ה ע נ ר י ע ט א. דאס וואלט הייסען נאכגעטהון דאס וואס אנדערע טהוען! אבער יעצט לאמיר בעסער געהן צום טייך און זיך אריינוואַרפען.

מ א ו ר י ס. (דערלאנגט איהר זיין האנד און זיי געהן ביי־דע ארויס) יא, צום טייך, און זיך אריינוואַרפען!

פאָרהאנג

# פיערטער אקט.

---

ערשטעס בילד.

אין לוקסעמבורגער גאָרטען נעבען די סטאַטוען פון אדם און חוה. דער ווינד רוישט צווישען די בוימער און בעוועגט אויף דער ערד בלעטער, שטרוי און שטיקלאך פאַפּיער. מאורים און העגריעטא זיצען אויף א באנק).

הענריעטא. דו ווילסט ניט שטארבען?

מאורים. ניין, איך האָב קיין מוטה ניט. איך שטעל זיך פאָר, ווי איך וועל ליגען אין קבר מיט א ווייסען לייליך איבער מיר און מיט סטרושקעס אונטער מיר. אחוץ דעם דאכט זיך מיר אוים, אז איך האָב נאָך עפּעס אויפצוטהון; וואָס ווייס איך נאָך אליין ניט געגוי.

הענריעטא. איך ווייס וואָס עס איז.

מאורים. וואָס?

הענריעטא. זיך נוקם זיין! — דו פונקט ווי איך פערדעכטיגסט, אז עמיל און זשעאנע האָבען אונז אונטערגעשיקט די צוויי דעטעקטיוום. אויף אזא נקמה געגען א קאָנקורענטען איז נור פעהיג א פרוי.

מאורים. דאָס זענען פונקט די זעלבע געדאנקען ווי מיינע. אָבער ווייסטו, מיין פערדאכט געהט נאָך פיעל ווייטער, און איך גלויב, אז די ליידען פון די לעצטע טעג האָבען מיך פיעל שארפזיניגער געמאכט. קענסטו צום ביישפּיעל ערקלעהרען, ווארום דער קעלנער, פון דער אבערזש דע אדרעה און דער אויבער־קעלנער פון פּאַוויליאָן, זענען ניט גערופען געוואָרען אלס עדות?

הענריעטא. איך האָב ביז יעצט דערפון גאָרניט גע־טראכט. אבער יעצט פערשטעה איך ווארום — זיי האָבען איינפאך ניט געהאט וואָס צו איבערצייגען, ווייל זיי האָבען קיין זאך גע־הערט.

מ א ו ר י ס. פון וואנען־זשע קומט דער קאָמיסאר צו ווי־סען אונזערע ווערטער ?

ה ע נ ר י ע ט א. ער האָט עס ניט געוואוסט, ער האָט עס בלויז אויסגערעכענט ; ער האָט געוואָלט טרעפען, און האָט ריכ־טיג געטראָפען ; ער האָט שוין פיעלייכט פריהער געהאָט אַ ענליכען פאַל.

מ א ו ר י ס. אָדער פיעלייכט אזוי :ער האָט געלעזען פון אונזערע בליקען וואָס מיר האָבען געזאָגט. עס זענען דאָ מענ־שען, וועלכע קענען לעזען דעם אנדערענס געדאנקען. — אז מיר האָבען דעם בעטראָגענעם אדאָלף גערופען עזעל, דאָס איז פאַר איהם געוועזן, גאַנץ נאַטירליך.

ה ע נ ר י ע ט א. דענק נור, ווי אבשייליך מען האָט אונז פערראַטהען.

מ א ו ר י ס. דאָס איז דערפאַר, ווייל מען גלויבט צופיעל אין די גוטסקייט פון מענשען ; אָט וואָס מען האָט דערפאַר. אָבער זעהסטו אונטער דיזען קאָמיסאר, וועלכער איז זיכער א גרויסער שורקע, שטעהען אויך אנדערע.

ה ע נ ר י ע ט א. דו מיינסט דעם אבבע, וועלכער איז דאָ אויפגעטרעטען אלס פריוואט דעטעקטיוו ?

מ א ו ר י ס. יאָ, איהם מיין איך, פאַר דיזען מאַן זענען זיך מתודה זעהר א סך מענשען. און פערגעס ניט אדאָלף האָט אליין דערצעהלט אז ער איז דעם אין דער פריה געווען אין סענט־זשערמען קלויסטער. וואָס האָט ער דאָרט געטהון ? ער האָט דאָרט זיכער געפלאפעלט און זיך בעקלאָגט אויף זיין פינסטערען מזל. און דער פריסטער האָט זיינע רייד צוגעשטעלט צום קאָמיסאר.

ה ע נ ר י ע ט א. זאָג מיר נור : גלויבסטו אין אדאָלף'ן?

מ א ר י ס. איך גלויב מעהר אין קיין מענשען ניט.

ה ע נ ר י ע ט א. אפילו ניט אין אדאָלף'ן ?

מ א ר י ס. אין איהם נאָך ווייניגער ווי אין אנדערע. ווי קען איך זיך פערלאָזען אויף א פיינד — אויף א מאַן ביי וועמען איך האָב אוועקגענומען זיין געליעבטע.

ה ע נ ר י ע ט א. אזוי ווי דו רעדסט דאָס צו ערשט, וועל

איך דיר געבען נאך אייניגע איינצעלהייטען וועגען אונזער פריינד. דו האסט דאך געהערט אז ער האט זיין לאנדאנער ערשטע מע־דאל צוריקגעגעבען. קענסטו זיך פארשטעלען ווארום ער האט עס געטהון ?

מ א ו ר י ס. ניין.

ה ע נ ר י ע ט א. ווייל ער פיהלט אז ער איז עס ניט ווערטה. און ער טהוט תשובה דערמיט, וואס ער האט א נדער געטהון, קיינ־מאל ניט אנצונעהמען קיין אויסצייכנונג.

מ א ו ר י ס. איז עס מעגליך ? וואס האט ער דען גע־טהון ?

ה ע נ ר י ע ט א. ער איז בעגאנגען א פערברעכען, וואס ווערט ניט בעשטראפט פון געזעץ. דאס האט ער מיר אינדירעקט געגעבען צו פערשטעהן.

מ א ר י ס. ער אויך ? ער, דער בעסטער פון אלע, דער אי־דעאלער מענש, ער וואס האט קיינמאל אויף יענעם קיין בייז ווארט ניט געזאגט און האט שטענדיג יעדען פערציייהעט ?

ה ע נ ר י ע ט א. נו, יעצט קענסטו זעהן אז מיר זענען ניט ערגער פון אנדערע ; און דאך ווערען מיר טאג און נאכט געיאגט פון טייוואלים.

מ א ו ר י ס. אויך ער ? דאן איז די מענשהייט ניט פערליימדעט געווארען ? — אבער איז ער געווען אימשטאנד צו בעגעהן א פערברעכען אזוי קען מען שוין אויף איהם אלעס גלויי־בען. עס איז גאנץ מעגליך אז ער האט דיר געסטערן אונטערגעשיקט די פאליציי. ווען איך דענק יעצט דערפון דערמאהן איך זיך, אז ער האט זיך פון אונז אוועקגעשארט, ווען ער האט געזעהן אונזערע ביל־דער אין צייטונג. ער האט אונז אויך אפגענארט, ווען ער האט אונז געזאגט, אז דאס זענען ניט קיין פאליציאנטען. פון א בעטראגענעם ליבהאבער קען מען אלעס ערווארטען.

ה ע נ ר י ע ט א. האט ער געקענט זיין אזוי געמיין ? ניין ! דאס איז אונמעגליך ! אונמעגליך !

מ א ו ר י ס. ווארום ניט ? א שורקע איז אויף אלעס

פעהיג! — פון וואָס האָט איהר דאָ נעכטען גערעדט איידער איך בין געקומען?

ה ע נ ר י ע ט א. ער האָט גערעדט פון דיר און בלויז גוּטעס.

מ א ו ר י ס. דאָס זאָגסטו א ליגען!

ה ע נ ר י ע ט א. (קאָנטראָלירט זיך, ענדערט איהר טאָן) הער נור, — עס איז נאָך דאָ איין פערזאָן אויף וועלכען דו האָסט ניט געוואָרפען קיין פערדאכט; אוים וועלכען גרונד ווייס איך ניט. האָסטו נאָכגעדענקט וועגען קאטהערינא'ס שוואנקענדע האלטונג אין דער זאך? האָט זי אם ענדע ניט געזאָגט אז זי גלויבט אלעם אויף דיר?

מ א ו ר י ס. געוויס האָט זי דאָס געזאָגט; און דאָס בעווייזט וואָס פאר א פערזאָן זי איז. דען ווער עס קען אָהן א גרונד אזוי שלעכט דענקען פון אנדערע, דער מוז זיין אליין א שווידערהאפטער שורקע.

ה ע נ ר י ע ט א. (קוקט איהם שטארק אָן) ווער עס קען אזוי שלעכט דענקען פון אנדערע דער מוז אליין זיין א שווידערהאפטער שורקע?

מ א ו ר י ס. וואָס מיינסטו?

ה ע נ ר י ע ט א. וואָס איך האָב געזאָגט!

מ א ו ר י ס. מיינסטו, אז איך — ?

ה ע נ ר י ע ט א. יאָ, יעצט מיין איך עס! האָסטו דאָרט אויך געטראָפען אימיצען אנדערע א חוץ מאריאן ביי דיין מאָרגעןבעזוך?

מ א ו ר י ס. ווארום פרעגסטו דאָס?

ה ע נ ר י ע ט א. פּראוואוו טרעף!

מ א ו ר י ס. ווי עס זעהט אוים ווייסטו עס שוין — נו, גוט, איך האָב געטראָפען זשעאנען.

ה ע נ ר י ע ט א. ווארום האָסטו מיר דאן געזאָגט א ליגען?

מ א ו ר י ס. איך האָב דיך געוואָלט שוינען.

ה ע נ ר י ע ט א. און יעצט ווילסטו, איך זאָל גלויבען דעם,

וואָס האָט מיר א ליגען געזאָגט. ניין, יעצט גלויב איך אז דו האָסט דעם מאָרד בעגאַנגען.

מ א ו ר י ס. וואַרט, יעצט זענען מיר געקומען צום פּלאַץ וואו מיינע געדאַנקען האָבען מיך געפיהרט די גאַנצע צייט, און וועלכע איך האָב אַלע מאָהל פון מיר פערטריבען. ס'איז מערק־ווירדיג, וואָס עס ליגט נאָהענט פון אונז נעהמט אונז א שטיק צייט ביז מיר דערזעהען עס; און אין וואָס א מענש וויל ניט גלויבען גלויבט זיך ניט. זאָג מיר נור, וואו ביזטו געוועזען נעכטען אין דער פריה נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך געשיידט אין וועלדעל?

ה ע נ ר י ע ט א. (אונרוהיג) וואָס מיינסטו?

מ א ו ר י ס. אָדער דו ביזט געוועזען ביי אדאָלף'ן — דאָס קען אָבער ניט זיין, ווייל אדאָלף גיט אין דער צייט שטונדען — וועז ניט ביזטו געוועזען ביי מאַריאַן.

ה ע נ ר י ע ט א. נון, יעצט בין איך איבערצייגט אז דו ביזט דער מערדער!

מ א ו ר י ס. און איך בין איבערצייגט אז דו ביזט די מער־דערין! דען דו אליין האָסט געהאַט אן אינטערעס דאָס קינד אָפּצוּראַהמען. דו האָסט זיך גאַנץ דייטליך אויסגעדריקט, אז דאָס קינד איז דיר א שטיין אין וועג — און —

ה ע נ ר י ע ט א. דאָס איז געוועזען דיין אויסדרוק.

מ א ו ר י ס. און ווער ס'האָט אין דעם געהאַט אן אינ־טערעס, דער האָט דעם פערברעכען בעגאַנגען.

ה ע נ ר י ע ט א. מאוריס! מיר לויפען יעצט ארום טרייבענדיג איינער דעם צווייטען אין א טרעהט־מיהל. לאָמיר זיך א ווייַלע אָברוהען, ווען ניט וועלען מיר משוגע ווערען.

מ א ו ר י ס. דו ביזט עס שוין!

ה ע נ ר י ע ט א. גלויבסטו ניט, אז עס איז שוין צייט פאַר אונז זיך צו שיידען איידער מיר מאַכען איינער דעם אנדערן וואהנ־זיניג?

מ א ו ר י ס. יא, איך גלויב דאָס.

ה ע נ ר י ע ט א. (הויבט זיך אויף) דאַן, זיי געזונד!

(צוויי מענער, ציוויל־געקליידעט ערשיינען אין הינטער־גרונד).

ה ע נ ר י ע ט א. (קעהרט זיך אום און געהט צוריק צו מאָ־ריס'ן) דאָרט זענען זיי ווידער!

מ א ו ר י ס. די שווארצע מלאכים וועלכע ווילען אונז ארויס־טרייבען פון גאָרטען.

ה ע נ ר י ע ט א. און אונז ווידער צוזאמען יאגען, ווי מיר וואָלטען זיין פער'משפט צו זיין געשמיעדט איינס צום צווייטען.

מ א ו ר י ס. אָדער ווי מיר וואָלטען פעראורטהיילט געוואָ־רען זיך צו פערהייראטהען פאר אונזער גאנצען לעבען. זאָל עס זיין אז מיר דארפען טאקע ווירקליך הייראטהען, זיך בעזעצען ערגיץ וואו, פערשפּארען די טיהרען פאר דער וועלט און פיעלייכט אם ענ־דע אויך פריעדען געפינען?

ה ע נ ר י ע ט א. זיך פערשפּארען אום מיר זאָלען זיך קענען פערפּייניגען צום טויט; אונז איינשליסען, יעדער מיט זיין גע־שפּענסט אלס נדן: דו וועסט מיך פּייניגען מיט דער עראינערונג אָן אדאָלף'ן און איך וועל דיך פּייניגען מיט דער עראינערונג אָן זשע־אנען און מאריאָן.

מ א ו ר י ס. דערמאָהן מעהר ניט דאָס ווארט מאריאָן; ווייסטו דען ניט, אז זי ווערט היינט בעערדיגט, און פיעלייכט אין דיעזען מאָמענט?

ה ע נ ר י ע ט א. און דו ביזט ניטאָ דערביי? וואָס בעדייטעט דאָס?

מ א ו ר י ס. דאָס בעדייטעט, אַז זשעאנע, און אויך די פּאָ־ליציי האָבען מיך געוואָרענט געגען דעם צאָרן פיין פאָלק.

ה ע נ ר י ע ט א. דו ביזט אויך א פייגלינג?

מ א ו ר י ס. אלעס אין דער וועלט! ווי האָסטו מיך געקענט ליעב האָבען?

ה ע נ ר י ע ט א. ווייל פאָרגעסטערן ביזטו געווען אַן אנדער מענש, ביזט ווערטה געווען געליעבט צו ווערען.

מ א ו ר י ס. און יעצט אזוי טיעף געזונקען.

ה ע נ ר י ע ט א. אָבער דו פאנגסט זיך אָן צו פּוצען מיט שלעכטיגקייטען וועלכע זענען ניט דיינע.

מ א ו ר י ס. זאָנדערן דיינע?

הענריעטא. פיעלייכט? ווייל ווען דו ערשיינסט אבי־סעל שלעכט פיהל איך זיך באלד בעסער.

מאוריס. דאס איז אזא קראנקהייט.

הענריעטא. און דו ביזט אויך גראב געווארען!

מאוריס. יא, איך בעמערק דאס אליין; און זייט די נאכט אין געפענגניס דערקען איך זיך אליין ניט מעהר. איין מענשען זע־צען זיי אריין און דעם צווייטען לאזען זיי ארויס דורך דעם זעלבען טויער וואס שיידעט אונז אפ פון דער געזעלשאפט. ווייסטו, איך פיהל זיך יעצט אלס פיינד פון דער מענשהייט, און עס וואלט זיך מיר וועלען אונטערצינדען די גאנצע ערד, אויסטריקענען אלע ימים. ווייל נור א וועלט־בראנד קען אפווישען מיין שאנדע און עהרלאזיג־קייט.

הענריעטא. איך האב היינט בעקומען א בריעף פון מיין מוטער; זי איז אן אלמנה נאך א מאיאר און איז ערצויגען געווא־רען אין די אלט־מאדישע בעגריפען וועגען עהרע און דאס גלייכען. ווילסטו לעזען דעם בריעף? אה! דו ווילסט ניט? — ווייסטו, אז איך בין א פערשטויסענע; מיינע אנשטענדיגע בעקאנטע ווילען מיט מיר ניט האבען צו טהאן; און ווען איך זאל זיך אליין ציינען אויף דער גאס, וואלט מיך די פאליציי ארעסטירט. נו, זעהסטו איין אז מיר מוזען הייראטהען?

מאוריס. מיר פעראכטען זיך און מיר מוזען דאך הייראטהען; דאס איז דאך א גהינום! אבער הענריעטא, איידער מיר פערבינדען אונזערע שיקזאלס מוזסטו מיר דערצעהלען דיין געהיימ־ניס, און דאן וועלען מיר ביידע שטעהען גלייך.

הענריעטא. נו, גוט, איך וויל עס דיר דערצעהלען. איך האב געהאט א פריינדין מיט וועלכער עס האט פאסירט אן אונגליק — דו פערשטעהסט דאך וואס פאר אן אומגליק. איך האב איהר גע־וואלט העלפען, ווייל איהר גאנצע צוקונפט איז געשטאנען אין קאן; איך האב זיך דערביי אבער ניט געשיקט בענומען, און זי איז דער־פון געשטארבען.

מאוריס. ס'איז פון דיין זייט געווען א ניט קיין אויסגע־

רעכענטע זאך, אבער דיין האנדלונג איז כמעט געווען א גאנץ שעה־נע.

ה ע נ ר י ע ט א. יעצט זאגסטו אזוי; אבער שפעטער ווען דו וועסט בייז ווערען וועסטו עס מיר אויפוואַרפען.

מ א ו ר י ס. ניין, — דאס וועל איך ניט טהון; אבער איך קען ניט לייקענען, אז מיין צוטרויען צו דיר איז פארקלענערט גע־וואָרען, און אז מיך שרעקט דיין נאָהענטקייט. זאג מיר, לעבט נאך איהר געליעבטער, און וויסט ער אז דו ביזט די שולדיגע?

ה ע נ ר י ע ט א. ער איז גראדע אזוי שולדיג ווי איך.

מ א ו ר י ס. דענק נור, ווען זיין געוויסען זאל איהם אנפאנ־גען צו פלאגען — און אזעלכע זאכען פאסירען גאנץ אפט — און ער זאל דערפיהלען א בעדערפניס זיך מודה צו זיין, דאן ביזטו א פערלוירענע.

ה ע נ ר י ע ט א. איך ווייס דאס; און דיעזע שטענדיגע שרעק טרייבט מיך איך זאל לעבען א בערוישענדעס לעבען, אום קיינמאל קיין צייט האבען צו ערוואכען צו מיין קלאהרען בעוואוסט־זיין.

מ א ו ר י ס. און יעצט ווילסטו איך זאל מיט דיר הייראטהען, און טהיילען דיין שרעק מיט דיר; דאס איז צופיעל פערלאנגט.

ה ע נ ר י ע ט א. אבער ווען איך וועל טהיילען די שאנדע פון מאורים דעם מערדער. —

מ א ו ר י ס. גענוג! מיר מוזען מאכען אן ענדע.

ה ע נ ר י ע ט א. ניין, עס איז נאך ניט געענדיגט, און איך לאז דיך נאך ניט אפ ביז איך וועל דיך ניט זעהן דארט וואו דו בע־דארפסט זיין! איך וויל ניט דו זאלסט גלויבען אז דו ביזט בעסער פאר מיר!

מ א ו ר י ס. דו ווילסט אלזא מיט מיר אויפנעהמען א קאמפף? גוט, איך בין צופריעדען!

ה ע נ ר י ע ט א. אויף לעבען און טויט!

(עס הערט זיך פון דערווייטען דאס קלאפען פון א פויק).

מ א ו ר י ס. דער גארטען נעהט פערמאכט ווערען. „פער־

פלוכט זאָל זיין די ערד פון דיינעטוועגען. דערנער און דיסטלען זאָל זי דיר טראגען".

ה ע נ ר י ע ט א. „און צו דער פרוי האָט געזאָגט דער הערר..."

א ו ו ע כ ט ע ר. (אין אַ יוניפאָרם, זעהר העפליך) ענטשולדיגט, דער גארטען דארף פערמאכט ווערען.

(פאָרהאנג).

---

(צווייטעס בילד)

(קאטהערינא'ס קאפעע־הויז. קאטהערינא זיצט ביי'ן קאָנטער און שרייבט אַ בוך. אַדאָלף און הענריעטא זיצען ביי אַ טיש).

א ד אָ ל ף. (רוהיג און פריינדליך) — — — ווען איך זאָג דיר אבער אז איך בין ניט אנטלאָפען, נור גראדע פערקעהרט, איך האָב געדענקט אז איהר זענט פון מיר אנטלאָפען, דארפסטו עס מיר גלויבען.

ה ע נ ר י ע ט א. ווארום זשע האָסטו אונז גענארט און געזאָגט אז דאָס זענען ניט קיין דעטעקטיווס?

א ד אָ ל ף. ווייל איך האָב אליין אויך געגלויבט אז זיי זענען ניט; און אויסער דעם האָב איך אייך געוואָלט בערוהיגען.

ה ע נ ר י ע ט א. איך גלויב דיר ווען דו זאָגסט עס; אבער יעצט מוזטו מיר אויך גלויבען ווען איך געה פאר דיר ענטפּלעקען מיינע געהיימסטע געדאנקען.

א ד אָ ל ף. לאָמיר הערען.

ה ע נ ר י ע ט א. אָבער דו זאָלסט ניט אריינקומען מיט דיינע געוועהנליכע „פאנטאזיען און איינבילדונגען".

א ד אָ ל ף. מיט דיר מוז עפּעס זיין וואָס דו שרעקסט זיך פאר זיי.

ה ע נ ר י ע ט א. איך שרעק זיך פאר קיין זאַך ניט, אבער איך קען דיך און דיין סקעפּטיציזם. — נו, גוט, אָבער דו זאָלסט עס

קיינעם ניט דערצעהלען — פערשפרעך עס מיר.

אַ ד אָ ל ף. איך פערשפרעך עס דיר.

ה ע נ ר י ע ט א. קענסטו זיך עס פאָרשטעלען: איך האָב האַלבע בעוויזע אז מאורים איז שולדיג, אָדער ווייניגסטענס א בע־גרינדעטען פערדאכט, אז —

אַ ד אָ ל ף. וואָס דו זאָגסט!

ה ע נ ר י ע ט א. הער זיך צו און דאַן וועסטו קענען אור־טהיילען. — ווען מאורים האָט זיך מיט מיר געשיידעט אין וועל־דעל, האָט ער מיר געזאָגט, אז ער וועט זיך זעהן מיט מאריאַן נור דאַן ווען די מוטער וועט אין הויז ניט זיין, און יעצט האָב איך אויס־געפונען, אז ער האָט אויך געטראָפען די מוטער. ער האָט מיר אַלזאָ א ליגען געזאָגט.

אַ ד אָ ל ף. דאָס לעצטע איז מעגליך און דער מאָטיוו האָט דאָך געקענט זיין א גוטער; אבער ווי קען מען דערפון דרינגען, אז ער האָט דעם מאָרד בעגאַנגען?

ה ע נ ר י ע ט א. פערשטעהסטו עס דען ניט — קענסטו עס דען ניט בעגרייפען?

אַ ד אָ ל ף. ניט דאָס מינדעסטע.

ה ע נ ר י ע ט א. ווייל דו ווילסט ניט! — אבער פאַר מיר בלייבט קיין זאַך צו טהאָן ווי נור איהם אויסצוגעבען, און מיר וועלען זעהן, אויב ער וועט קענען איבערצייגען, אז ער איז אין דער צייט געוועזען ערגיץ אַנדערש און ניט אויפ'ן פּלאַץ פון מאָרד.

אַ ד אָ ל ף. הענריעטא, לאָמיך דיר זאָגען דעם גאַנצען בי־טערען אמת. דו אזוי גוט ווי ער, ביידע זייט איהר אויף דעם גרע־ניץ פון וואהנזין. די טייוואָלים פון פערדאכט האָבען איבער אייך גע־קראָגען די שליטה, און איהר צופלייששט אייך מיט אייער בייזע האַל־בע געדאַנקען וועגען א שולד. לאָמיר נור זעהן צי איך וועל טרע־פען: ער פערדעכטיגט אויך דיך אז דו האסט געטויטעט דאָס קינד?

ה ע נ ר י ע ט א. יע, ער איז גענוג משוגע דאָס צו טהאָן.

אַ ד אָ ל ף. זיין פערדאכט רופסטו משוגעת, אבער דיין איי־גענעם ניט.

ה ע נ ר י ע ט א. בעוויז צוערשט דעם געגענטהייל, דאָס

הייסט אז מיין פערדאכט איז ניט קיין ריכטיגער.

א ד א ל ף. נא, דאס איז גרינג צו טהאן. א נייע אונטערזו־כונג האט בעוויזען, אז מאריאן איז געשטארבען פון א גוט בע־קאנטער קראנקהייט; גראדע קען איך זיך יעצט ניט עראינערען ווי די קראנקהייט הייסט.

ה ע נ ר י ע ט א. איז דאס אמת?

א ד א ל ף. דער אפיציעלער בעריכט דערפון איז היינט גע־דרוקט אין די צייטונגען.

ה ע נ ר י ע ט א. איך גלויב דאס ניט; זיי מאכען אליין אויס פאלשע בעריכטען.

א ד א ל ף. היט זיך העגריעטא — אדער דו האסט שוין אליין ניט וויסענדיג איבערגעטרעטען די גרעניץ. היט זיך הויפטזעכליך צו מאכען בעשולדיגונגען וועלכע קענען דיך פערשפארען אין גע־פענגנים, היט זיך! — (ער לעגט זיין האנד אויף איהר קאפ) דו האסט מאורים'ן?

ה ע נ ר י ע ט א. אהן א שיעור!

א ד א ל ף. ווען ליעבע ווערט אומגעוואנדעלט אין האס, דאן איז די ליעבע נאך פון אנפאנג קיין ריינע ניט געווען.

ה ע נ ר י ע ט א. (רוהיגער) וואס זאל איך טהאן? זאג מיר, דו ביזט דאך דער איינציגער וואס פערשטעהט מיך.

א ד א ל ף. דו האסט דאך פיינט צו הערען ווען מען פרע־דיגט צו דיר.

ה ע נ ר י ע ט א. רעד, איך וועל יעצט אלעס הערען!

א ד א ל ף. פערזוך דיין האס צו ווענדען צו זיך זעלבסט. זעץ דאס מעסער אין דיינע אייגענע געשווירען, דען דארט זיצט דיין שלעכטעס.

ה ע נ ר י ע ט א. ערקלעהר זיך דייטליכער.

א ד א ל ף. צוערשט שיידט זיך פון מאורים'ן, אום איהר זאלט ניט האבען די מעגליכקייט צו נעהרען אייער געוויסען צוזאמען. גיב אויף דיין קאריערע אלס קינסטלערין, ווייל דאס, וואס האט דיך גע־טריבען דאס צו ווערען, איז געווען די בעגערונג צו פרייהייט און צו

א פרעהליכעס לעבען — און דו זעהסט שוין ווי פרעהליך עס איז. פאהר אהיים צו דיין מוטער.

הענריעטא. דאס קיינמאל ניט!

אדאלף. דאן צו אימיצען אנדערש.

הענריעטא. אדאלף, איך נעהם אן, אז דו ווייסט אז איך האב געטראפען דיין געהיימניס, און ווארום דו נעהמסט ניט אן קיין אויסצייכנונגען.

אדאלף. איך האב זיך פארגעשטעלט, אז דו ועסט פערשטעהן א האלב־דערצעהלטע געשיכטע.

הענריעטא. און וואס האסט געטהאן אום צו געפינען רוה?

אדאלף. ווי איך האב שוין אנגעדייטעט: איך האב אנער־קענט מיין שולד, בערייעט דערויף, בעשלאסען זיך צו בעסערען און האב איינגעריכטעט מיין לעבען ווי א בעל־תשובה.

הענריעטא. ווי קען איינער בערייען ווען ער האט קיין געוויסען ווי איך? איז חרטה א גנאדע, וועלכע מען בעקומט ווי דעם גלויבען?

אדאלף. אלעס איז גנאדע; אבער מען בעקומט זי ניט סיידען מען זוכט זי. — זוך! (הענריעטא שטיל).

אדאלף. אבער ווארט ניט ביז די צייט וועט פערגעהן, ווייל דו קענסט נאך פערהארטעוועט ווערען און פאלען און זיך מעהר קיינמאל ניט קענען אויפהויבען.

הענריעטא. (נאך א שווייגען) איז דאס געוויסען די שרעק פאר דער שטראף?

אדאלף. ניין, עס איז דער אבשיי פון אונזער בעסערען איך פאר די שלעכטע טהאטען פון אונזער ערגערן איך.

הענריעטא. דאן מוז איך אויך האבען א געוויסען.

אדאלף. נאטירליך האסטו דאס, אבער —

הענריעטא. זאג, אדאלף, ביזטו וואס מען רופט רע־ליגיעז?

אדאלף. ניט דאס מינדעסטע.

הענריעטא. אַלעס איז אזוי וואונדערליך — וואָס איז רעליגיאָן?

אדאָלף. אַפּען גערעדט ווייס איך אַליין ניט; און איך גלויב אז קיינער קען דאָס ניט זאָגען. צייטענווייז דוכט זיך מיר אז עס איז א שטראָף, ווייל קיין איינער ווערט ניט רעליגיעז ביז ער קריגט ניט קיין בייזען געוויסען.

הענריעטא. יא, ס'איז א שטראָף... יעצט ווייס איך וואָס איך וועל טהאָן. זיי געזונד, אדאָלף!

אדאָלף. דו פאָהרסט אוועק?

הענריעטא. יע, איך פאָהר וואוהין דו האסט מיר געהייסען. זיי געזונד, פריינד! זייט געזונד, מאדאם קאטהערינא!

קאטהערינא. מוז עס דען זיין אזוי שנעל?

הענריעטא. יא.

אדאָלף. ווילסטו איך זאָל דיך בעגלייטען?

הענריעטא. ניין, מען דארף ניט. איך וועל געהן אליין, איינע אליין ווי איך בין אהער געקומען אין א פריהלינגס־טאָג, גלויבענדיג אז איך געהער אהער וואו איך געהער ניט; גלויבענדיג אז עס איז דאָ אזא זאך וואָס מען רופט פרייהייט, און וואָס ס'איז גאָר ניטאָ. זיי געזונד. (געהט ארויס.)

קאטהערינא. איך ווינש אז די דאמע זאָל קיינמאָל מעהר ניט צוריק קומען און הלואי וואָלט זי גאָר אין גאנצען אהער ניט געווען געקומען.

אדאָלף. ווער ווייסט אויב זי האָט דאָ ניט געהאט א געוויסע מיסיאָן דורכצופיהרען? און יעדענפאַלס פערדיענט זי מיטלייד, אונבעגרענצטע מיטלייד.

קאטהערינא. דאָס לייקען איך ניט, דען דאָס פערדינען מיר אלע.

אדאָלף. און זי האָט געטהאָן ווייניגער בייזעס ווי מיר.

קאטהערינא. מעגליך, אבער געזעהן האָט מען דאָס ניט.

אדאָלף. איהר זענט אימער שטרענג, פרוי קאטהערינא. זאָגט מיר, האָט איהר קיינמאָל קיין בייזעס געטהאָן?

קאטהערינא. (ערשטוינט) נו געוויס, איך בין דאך ניט מעהר ווי א זינדיגער מענש. אבער ווער עס איז געגאנגען אויף א דינעם אייז און איז אריינגעפאלען, האט דאס רעכט, און עס איז זאגאר זיין חוב, יענעם צו ווארענען, אז ער זאל דארט ניט געהן, און זיך ניט קימערען צו מען וועט איהם האלטען פאר שטרענג אדער פאר אונבארעמהערציג. האב איך דען ניט געזאגט צו הערר מאורים'ען יענעם מאמענט ווען די דאמע האט אהער אריינגעטרעטען: היט אייך! געהט ניט! ער האט אבער ניט געוואלט הערען און איז אריינגעפאלען ווי א שלעכט אייגענזיניג קינד, און ווען א מאן בעגעהט אזא טהאט איז ער ווערט מען זאל איהם אריינצימבלען ווי אן אונגעהארכזאמען אינגעל.

אדאלף. האט ער דען שוין ניט בעקומען די שמיץ?

קאטהערינא. יא, אבער ווי עס שיינט איז דאס נאך ווייניג, ווייל ער געהט זיך נאך ארום בעקלאגען.

אדאלף. דאס איז זעהר א פאפולערע ערקלעהרונג פון דיזער פערוויקעלטער פראגע.

קאטהערינא. איהר זענט די גאנצע חכמים! מיט אייער פילאזאפיע! לאזט מיך בעסער צופריעדען, איך דארף רעכענען!

אדאלף. דא קומט מאורים!

קאטהערינא. זאל אויף איהם גאט רחמנות האבען!

מאורים. (קומט אריין, פערפלאמט; זעצט זיך נעבען אדאלף'ן) גוטען אבענד. (קאטהערינא גיט א שאקעל מיט'ן קאפ און רעבענט ווייטער).

אדאלף. ווי האלט עס מיט דיר?

מאורים. עס פאנגט זיך שוין אן איינצואורדנען.

אדאלף. (דערלאנגט מאורים'ן א צייטונג וועלכען ער וויל ניט נעהמען) דו האסט שוין געלעזען?

מאורים. ניין, איך לעז מעהר קיין צייטונגען ניט. מעהר ווי שענדליכע בילבולים געפינסטו דארט ניט.

אדאלף. אבער לעז דאס צוערשט.

מאורים. ניין, איך וויל ניט. — נור ליגענס געפינט זיך

דארט. אָבער הער, איך האָב ענטדעקט א נייעם שפּור. קענסטו טרעֿ־
פען ווער ס'האָט בעגאנגען דעם מאָרד?

א ד א ל ף. קיינער ניט! קיינער ניט!

מ א ו ר י ס. ווייסטו וואו הענריעטא איז געוועזן דאָס פער־
טעל שטונדע וועהרענד דאָס קינד איז געוועזן אליין? — זי איז גע־
וועזן דאָרט! און זי האָט עס געטהאָן!

א ד א ל ף. דו ביזט משוגע, מענש!

מ א ו ר י ס. ניט איך, זאָנדערן הענריעטא איז משוגע! זי
פערדעכטיגט גאר מיך, און סטראשעט מיך אויסצוגעבען.

א ד א ל ף. הענריעטא איז דאָ ערשט געוועזן און האָט גע־
רעדט די זעלבע ווערטער וואס דו. איהר זענט ביידע פון זינען ארונ־
טער. דען עס איז יעצט דורך א נייע ערצטליכע אונטערזוכונג בע־
וויזען געוואָרען, אז דאָס קינד איז געשטארבען פון א בעקאנטע
קראַנקהייט; דעם נאָמען פון דער קראנקהייט האָב איך פערגעסען.

מ א ו ר י ס. דאָס איז ניט אמת!

א ד א ל ף. זי האָט אויך געזאָגט דאָס זעלבע. דער אָפיציע־
לער בעריכט דערפון איז געדרוקט אין אלע צייטונגען.

מ א ו ר י ס. א בעריכט? דאַן מוז ער זיין א געפעלשטער.

א ד א ל ף. דאָס האָט זי אויך געזאָגט. איהר ליידעט ביידע
פון דערזעלבער געמיטהס־קראנקהייט; אבער מיט איהר בין איך גע־
קומען אזוי ווייט, אז זי האָט איינגעזעהן איהר וואהנזינן.

מ א ו ר י ס. וואוהין איז זי אוועק?

א ד א ל ף. זי איז אוועק גאנץ ווייט אום אָנצופאנגען א ניי
לעבען.

מ א ו ר י ס. הם—הם! — ביזטו געוועזן ביי מאריאן'ס
בעערדיגונג?

א ד א ל ף. יא, איך בין געוועזן.

מ א ו ר י ס. ווי איז דאָרט צוגעגאנגען?

א ד א ל ף. זשעאנע האָט אלעם אָנגענומען פאר ליעב. און
אויף דיר האָט זי ניט גערעדט קיין בייז ווארט.

מ א ו ר י ס. זי איז א נאָבעלע פרוי.

א ד א ל ף. ווארום זשע האָסטו זי פערלאָזען?

מ א ו ר י ס. ווייל איך האָב פערלוירען דעם זינען — דורך מיין נארישען שטאָלץ, און הויפטזעכליך ווייל איך האָב געטרונקען שאמפּאַניער.

א ד אָ ל ף. פערשטעהסט שוין יעצט, ווארום זשעאנע האָט געוויינט, ווען זי האָט דיך געזעהן טרינקען שאַמפּאַניער?

מ א ו ר י ס. יא, יעצט פערשטעה איך. און דערפאר האָב איך שוין צו איהר געשריבען, און בעט ביי איהר פערצייהונג — גלויבסטו אז זי וועט מיר פערצייהען?

א ד אָ ל ף. איך גלויב אז יא, ווייל זי קען ניט האסען.

מ א ו ר י ס. גלויבסטו אז זי וועט מיר אַזוי פערצייהען, אז זי וועט זיך נאָך צוריק אומקעהרען צו מיר?

א ד אָ ל ף. דאָס ווייס איך ניט. דו האסט זיך ארויסגעוויזען פאר אַזאַ וואָרטס־מאַן, אז ס'גלויבט זיך ניט אז זי זאָל זיך דיר ווייטער וועלען אנפערטרויען.

מ א ו ר י ס. אבער איך פיהל אז איהר ליעבע צו מיר איז נאָך ניט אויסגעלאָשען, איך ווייס אז זי וועט זיך נאָך אומקעהרען צו מיר.

א ד אָ ל ף. ווי קענסטו דאָס וויסען, ווי קענסטו דאָס גלויבען? דו האסט דאָך זי און איהר עהרליכען ברודער פערדעכטיגט, אז זיי האָבען אויס ראַבע הענריעטאַ'ן אונטערגעשיקט די פּאָליציי.

מ א ו ר י ס. איך גלויב דאָס ניט מעהר; דאָס הייסט אַ שטיקעל לומפּ איז ער יא דער עמיל.

ק אַ ט ה ע ר י נ אַ. הערט נור, וואס רעדט איהר אויף הערר עמיל? אמת, ער איז ניט מעהר ווי אַן איינפאכער ארבייטער, אבער וואָלטען שוין אַלע געווען אַזוי קאָרעקט ווי ער — דער מענש האָט איז זיך קיין חסרון ניט.

ע מ י ל (קומט אריין) הערר זשעארד?

מ א ו ר י ס. דאָס בין איך.

ע מ י ל. פערצייהעט, איך האָב אייך עטוואס צו זאָגען פּריוואַט.

מ א ו ר י ס. איהר קענט רעדען, מיר זענען דאָ אַלע אייגענע.
(דער אַבבע קומט אריין און זעצט זיך).

עמיל. פיעלייכט שפּעטער.

מאוריס. עס מאכט ניט, דער אבבע איז אויך א פריינד, הגם אונזערע מיינונגען זענען פערשיעדען.

עמיל. איך גלויב, הערר זשעארד, אז איהר ווייסט ווער איך בין. מיין שוועסטער האָט מיר געגעבען דיעזען פּעקעל, אז איך זאָל עס אייך איבערגעבען אלס אן אנטוואָרט אויף אייער בריעף. (מאוריס נעהמט צו דאָס פּעקעל און עפענט עס).

עמיל. און יעצט וויל איך נאָך פאָלגענדעס צולעגען, אזוי ווי איך בין מיין שוועסטערס׳ס אַפּעקון בעפרייע איך אייך, הערר זשעארד אין מיין אייגענעם נאָמען און אויך אין איהר נאָמען פון אלע פערפליכטונגען.

מאוריס. איהר מוזט האָבען א האס געגען מיר.

עמיל. איך מוז? איך זעה ניט ווארום. פערקעהרט, עס וואָלט פאר מיר געווען העכסט אנגענעהם צו הערען פון אייך אן ער־קלעהרונג אין דער אנוועזענהייט פון אייערע פריינד, אז איהר דענקט ניט, אז איך און מיין שוועסטער, זענען געווען פעהיג צו בעגעהן אזא נידריגען טהאט אונטערצושיקען די פּאָליציי געגען פריילין הענריע־טא.

מאוריס. איך נעהם צוריק אלעס, וואָס איך האָב געזאָגט און באָט אייך אן מיין ענטשולדיגונג ווען איהר ווילט זי נור אָנ־נעהמען.

עמיל. איך נעהם זי אָן. און איך ווינש אייך אלע א גו־טען אווענד. (געהט אַרויס).

אלע. א גוטען אווענד.

מאוריס. דער קראוואט און די האנדשוה וועלכע זשעאנע האָט מיר געגעבען צו דער פּאָרשטעלונג, און וועלכע איך האָב גע־לאָזט הענריעטא׳ן ארייננווארפען אין קאמין. ווער האָט דאָס גע־קענט אויפהויבען? אלעס ווערט אויסגעגראבען, אלעס קומט צו־ריק, — ווען זי האָט עס מיר אויפ׳ן בית־עולם געגעבען, האָט זי געזאָגט, אז זי וויל איך זאָל אויסזעהן שעהן אום אנדערע זאָלען מיר אויך ליעבען. — און אליין איז זי געבליבען אין הויז — דאָס האָט איהר צו טיעף געקרענקט, און מיט רעכט. איך קען זיך ניט פער־

צייהען, דען מיין האנדלונג איז אזוי אבשייליך, אז איך קען זיך מעהר ניט צייגען אין דער געזעלשאפט פון אנשטענדיגע מענשען. אך, האב איך דאס געטהאן? איך האב געשפאט איבער א געשאנק וואס איז געקומען פון א גוט עהרליך הארץ, געלאכט פון דער, וואס האט זיך אויפגעאפפערט צוליעב מיר... דאס האב איך אוועקגע־ווארפען פאר א לארבער־קראנץ וואס וואלגערט זיך יעצט אויפ'ן מיסט, און פאר א ביוסט וועלכער וואלט געוועז געשטאנען ערגיץ אין א ווינקעל. — הערר אבבע, יעצט געה איך איבער צו אייך.

א ב ב ע. איהר זענט ווילקאמען!

מ א ו ר י ס. רעדט צו מיר אווארט אין וועלכען איך נויטיג זיך.

א ב ב ע. ווילט איהר איך זאל ווידערשפרעכען אייער זעלבסט פארוואורפען און אייך אויפקלעהרען אז איהר האט קיין שום בייזעס ניט געטהאן?

מ א ו ר י ס. רעדט דאס ריכטיגע ווארט.

א ב ב ע. מיט אייער ערלויבנים קען איך נור זאגען אז איך האב געפונען אייער בענעהמען זיך אזוי אבשייליך ווי איהר אליין האט דאס געפונען.

מ א ו ר י ס. וואס זאל איך טהאן? וואס זאל איך טהאן אום צו קענען ארויס פון דיעזער נעץ?

א ב ב ע. דאס ווייסט איהר אזוי גוט ווי איך.

מא ו ר י ס. ניין, איך ווייס בלויז אז איך בין א פערלוירע־נער; אז מיין לעבען איז רואינירט, מיין קאריערע צו ענדע און אז מיין לעבען איז פאר אימער געטויטעט אויף דיעזער וועלט.

א ב ב ע. און דערפאר הייסט דאס, זוכט איהר יעצט א נייע עקזיסטענץ אין א בעסערער וועלט אין וועלכער איהר האט יעצט אנגעפאנגען צו גלויבען?

מ א ו ר י ס. יא, אזוי איז עס.

א ב ב ע. ביז יעצט האט איהר געלעבט א זינליכעס לעבען און יעצט ווילט איהר לעבען א גייסטליכעס לעבען, זייט איהר דען זיכער אז די וועלט האט פאר אייך מעהר קיין רייצונגען ניט?

מ א ו ר י ס. די וועלט האט פאר מיר מעהר קיין רייצונגען

ניט! עהרע איז בלויז א בלישטש, גאָלד: טרוקענע בלעטער, פּרויען: בערוישענדער געטראַנק! — לאָזט זיך מיר בעהאַלטען אונטער אייערע הייליגע מויערען און פערגעסען דיעזען שוידערהאַפטען טרוים וועלכער האָט געדויערט צוויי טעג און האָט אויסגעזעהן ווי א גאַנצע אייביגקייט.

א ב ב ע. גוט, אבער דאָ איז ניט דאָס פּלאַץ ווי מיר קענען זיך דעריבער דורכרעדען. לאָמיר בעשטימען א צוזאַמענקונפט פאַר הייטע נאַכט אין דער סענט־זשערמען קירכע. היינט ביי נאַכט פּרעדיג איך פאַר די בעל־תשובות פון סעינט לאַזאַר, און אייער קומען דאָרט קען אויך זיין אייער ערשטער שריט אויפ׳ן האַרטען וועג פון תשובה.

מ א ו ר י ס. פון תשובה?

א ב ב ע. יא, איהר ווינשט דאָך דאָס —

מ א ו ר י ס. יא, יא!

א ב ב ע. און מיר האָבען אויך נאַכט־וואַכונגען צווישען צוועלף און צוויי.

מ א ו ר י ס. דאָס וועט זיין הערליך!

א ב ב ע. גיט מיר אייער האַנד, אז איהר וועט מעהר ניט קוקען אונטער זיך.

מ א ו ר י ס. (הויבט זיך אויף, גיט איהם זיין האַנד) דאָ האָט איהר מיין האַנד און מיין גאַנצען זינן.

ד אָ ס ד י ע נ ס ט ־ מ י י ד ע ל. (קומט אריין פון קיך) הערר מאורים, א טעלעפאָן פאַר אייך.

מ א ו ר י ס. פון וועמען?

ד י ע נ ס ט ־ מ י י ד ע ל. פון טהעאַטער.

(מאורים וויל געהן, דער אבבע האַלט איהם פעסט ביי׳ן האַנד).

א ב ב ע. (צום דיענסט־מיידעל) פרעג וועגען וואָס דאָס איז.

ד י ע נ ס ט ־ מ י י ד ע ל. מען פרעגט, אויב הערר מאורים קען היינט אבענד קומען צו דער פאָרשטעלונג.

א ב ב ע. (צו מאורים׳ן וועלכער וויל זיך אָוועקרייסען) ניין, איך לאָז אייך ניט אָפּ.

מ א ו ר י ס. וואָס איז דאָס פאַר א פאָרשטעלונג?

א ד א ל ף. ווארום ווילסטו ניט לעזען די ציימונג?

ק א ט ה ע ר י נ א און דער א ב ב ע. ער האט ניט גע־לעזען די ציימונג?

מ א ו ר י ס. עס געפינט זיך דארט בלויז ליגענס און פער־לוימדונגען. (צום דיענסט־מיידעל) ענטפערט זיי, אז איך בין היינט אבענד פערנומען, איך געה אין קירכע. (דאס דיענסט־מיידעל געהט צוריק אין קיך).

א ד א ל ף. אזוי ווי דו ווילסט די ציימונג ניט לעזען, וועל איך עס דיר זאגען: דאס מהעאטער האט צוריק ארויפגעשטעלט דיין דראמא, און דיינע ליטערארישע פריינד האבען אראנזשירט פאר היינט אבענד א באנקעט אויף וועלכען זיי וועלען דעמאנסטרירען דיין אונבעשטרייטבארען טאלאנט.

מ א ו ר י ס. דאס איז ניט אמת.

א ל ע. יא, עס איז אמת!

מ א ו ר י ס. (נאך א פויזע) דאס האב איך זיך ניט פערדיענט.

א ב ב ע. בראווא!

א ד א ל ף. נאך מעהר, מאורים —

מ א ו ר י ס. (בעהאלט זיין געזיכט אין די הענד) נאך מעהר?

ק א ט ה ע ר י נ א. און די הונדערט טויזענד פראנקען, איהר זעהט, זיי קומען יעצט צוריק צו אייך. די ווילא פאר דער שטאדט וועט אויך זיין. נור ניט פריילין הענריעטא.

א ב ב ע. (שמייכלענדיג) איהר וואלט די זאך בעדארפט נעהמען אביסעל ערנסטער, פרוי קאטהערינא.

ק א ט ה ע ר י נ א. איך קען מעהר ערנסט ניט זיין. (לאכט אין איהר טאשען־טיכעל).

א ד א ל ף. הער נור, מאורים, דאס שפיעלען פאנגט אן אום אכט אוהר!

א ב ב ע. אבער ניין א זייגער האבען מיר דאך א גאטעס־דיענסט.

א ד א ל ף. מאורים!

ק א ט ה ע ר י נ א. הערר מאורים; לאמיר יעצט הערען איי־

ער אייגענעם בעשלום. (מאורים לעגט זיין קאַפּ אויפ'ן טיש און נעחמט איהם ארום מיט זיינע הענד).

אַ ד אָ ל ף. לאָזט איהם נאָך, הערר אבבע!

אַ ב ב ע. ניין, ניין! ניט איך לאָז נאָך און ניט איך בינד; דאָס דארף ער אליין טהאָן.

מ א ו ר י ס. (הויבט זיך אויף) אלזאָ גוט, איך געה מיט דעם אבבע.

אַ ב ב ע. ניין, מיין יונגער פריינד, איך האָב אייך גארניט צו געבען ווי נור זידעל־ווערטער, און דאָס קענט איהר זיך אליין געבען. איהר האָט פליכטען צו זיך און צו אייער גוטען נאָמען. דאָס וואָס איהר זענט פון דער זאך אזוי שנעל ארויס, איז פאר מיר א צייכען, אז איהר האָט אייער שטראָף אזוי שטארק געליטען, אז די צייט האָט פאר אייך אויסגעזעהן ווי א גאנצע אייביגקייט; און ווען דער אויבערשטער האָט אייך פערגעבען האָב איך מעהר קיין זאך צו זאגען.

מ א ו ר י ס. ווארום בין איך אזוי הארט בעשטראָפט גע־וואָרען ווען איך בין געוועזן אונשולדיג?

אַ ב ב ע. הארט? בלויז צוויי טעג און אונשולדיג זענט איהר אויך ניט געוועזן, ווייל מיר זענען אויך פעראנטווארטליך פאר אונ־זערע ווערטער, געדאנקען און ווינשע, און אין אייערע געדאנקען האָט איהר געמאָרדעט ווען איהר האָט געוואונשען דעם טויט אויף אייער קינד.

מ א ו ר י ס. איהר האָט רעכט — און מיין בעשלום איז געפאסט; היינט אווענד טרעף איך אייך אין דער קירכע אום אפּ־צוגעבען דין וחשבון מיט זיך זעלבסט. — אבער מארגען אָווענד געה איך אין טהעאטער.

ק א ט ה ע ר י נ א. גוט געלעזט, הערר מאורים.

אַ ד אָ ל ף. (געערגערט) דאָס איז די לעזונג.

אַ ב ב ע. (מיט א שטארקע שטימע) יא, דאָס איז זי!

(פאָרהאנג).

אויגוסט סטרינדבערג

# דער טויטען־טאַנץ

דראַמאַ אין פיער אַקטען

איבערזעצט פון

ל. באַללייזען

**פרייז 25 סענט**

ארויסגעגעבען פון

מ. יאַנקאָוויטץ און זשוקאָווסקי

139 דיוויזשאַן סט., ניו־יאָרק.

Published by

M. JANKOWITZ & ZUKOWSKY,

139 Division St., New York.

1913.

## פּערזאָנען

ע ד ג אַ ר , קאַפּיטאַן פון דער פעסטונג־אַרטילעריע.

אַ ל י ס ע, זיין פרוי, געוועזענע שוישפּיעלערין.

ק ו ר ט , קאַראַנטין־מייסטער.

נעבען פּערזאָנען :

זשעני, אַן אַלטע פרוי, אַ וואַך סאָלדאַט.

# ערשטער אַקט

(סצענערי: דער אינוועניג פון אַ רונדען פעסטונגס־טהורם. געבויעט פון גראַניט־שטיין, אין הינטערגרונד אַ פּאָאר גרויסע טהויערען מיט גלעזערנע טיהרען, דורך וועלכע מען זעהט אַ ים־שטראַנד, מיט באַטאַרעען און דעם ים פון הינטען. אויף יעדער זייט פון טהויער געפינט זיך אַ פענסטער מיט וואַזאָנעס־בלומען, און שטייגעלעך מיט פויגעל. רעכטס פון טהויער — אַ הויכע פּיאַנאָ; ווייטער פאָרענט אויף דער ביהנע אַ נעה־טיש און צוויי לעהנ־שטוהלען; לינקס אין מיטען פון דער ביהנע אַ שרייב־טיש מיט אַ טעלעגראַפען־אַפּאַראַט; ווייטער אַביסעל פאָרענט, אַן עטאַזשערקע פול מיט פאָטאָגראַפישע בילדער. דערנעבען, אַ סאָפאַ אויף וועלכער מען קען אויך שלאָפען. ביים וואַנד אַ בופעט. פון דעם סופיט הענגט אַרונטער אַן הענג־לאָמפּ. אויפ׳ן וואַנד נעבען דער פּיאַנאָ הענגען צוויי גרויסע לאָרבער־קראַנצען מיט זיידענע סטענגעס, און צווישען זיי אַ גרויסער פּאָרטרעט אויף וועלכען עס איז געמאָלען אַ פרוי, אין אַ טהעאַטער־קאָסטיום. ביי דער טיהר שטעהט אַ קליידער שטענדער אויף וועלכען עס הענגען קליידער זיך אויסצופּוצען, זעבלען, א. ז. וו. נעבען דעם אַ שיפאָניער. אין דער לינקער זייט פון טהויער הענגט אַ קוועק־זילבערנער באַראָמעטער).

(ס׳איז אַ מילדער הערבסט־אָבענד. די פעסטונגס־טהויערען שטעהען אָפען, און מען זעהט ווי איין אַרטילעריסט געהט הין און צוריק אויף דער שטראַנד־באַטאַרעע. ער טראָגט אַ ווייסען העלם מיט אַ שפּיציגע האָאר־בערשטעל. ווילע־ווייז זעהט זיך ווי זיין זעבעל גלאַנצט ווען ער קומט אין רויטען שיין פון דער אונטערגעהענדער זונן. דער ים ליעגט דונקעל און שטיל).

(דער קאַפּיטאַן זיצט אין לעהנ־שטוהל ביים נעה־טיש, און האַלט אַן אויסגעלאָשענעם ציגאַר צווישען זיינע פינגער. ער טראָגט

זעהר אַן אַבגענוצעוועטען דיענסט־יוניפאָרם און רייט־שטיוועל מיט שפּאָרען, זעהט אויס מיעד און בעלעסטיגט).

(אַליסע זיצט אין אַ לעהנ־שטוהל רעכטס, טהוט קיין זאַך ניט, זעהט אויס מיעד און ערוואַרטונגספאל).

---

קאַפּיטאַן. וואָלסטו ניט געוואָלט עפּעס שפּיעלען פאַר מיר?

אַליסע. (גלייכגילטיג, אָבער ניט אונפריינדליך) וואָס זאָל איך דיר שפּיעלען?

קאַפּיטאַן. וואָס דו ווילסט.

אַליסע. דו ליעבסט דאָך ניט מיין רעפּערטואַר!

קאַפּיטאַן. און דו ליעבסט ניט מיינעם!

אַליסע. (ווערענדיג דאָס אויסווייכען) ווילסטו אַז די טיהרען זאָלען שטעהן אָפען?

קאַפּיטאַן. אויב דו פערלאַנגסט עס.

אַליסע. זאָלען זיי שטעהן אָפען. (נאָך אַ פויזע) וואָרום רויכערסטו ניט?

קאַפּיטאַן. דער טאַבאַק איז צו שטאַרק.

אַליסע. (כמעט פריינדליך) דאַן רויכער אַ שוואַכערען. דאָס איז דאָך דיין איינציגער פערגעניגען, ווי דו רופסט עס אָן.

קאַפּיטאַן. פערגעניגען? וואָס איז דאָס פאַר אַ זאַך?

אַליסע. פרעג מיך נישט. איך ווייס דערפון אַזוי וועניג ווי דו... ווילסט פיעלייכט שוין דיין שנאַפּס?

קאַפּיטאַן. איך וועל נאָך וואַרטען אַביסעל. — וואָס האָסטו היינט פאַר אַ וועטשערע?

אַליסע. פון וואַנען זאָל איך וויסען? פרעג קריסטינע'ן.

קאַפּיטאַן. די מאַקאַרעלען דאַרפען שוין באַלד זיין. מיר האַלטען שוין אין הערבסט.

אַליסע. יאָ, עס איז שוין הערבסט.

קאַפּיטאַן. פון אינווענינ און אויסווענינ. אָבער אַבגעזעהן דערפון וואָס דער הערבסט ברענגט מיט זיך קעלט אינווענינ און אויסווענינ, וואָלט אַ קליינער געבראָטענער מאַקאַרעל מיט אַ שטי־

קעל ציטרין און א גלאז וויסען בורגבונדער גאר ניט געשאדט.
אליסע. דאס איז גאנץ שעהן גערעדט.
קאפיטאן. האבען מיר נאך עפעס בורגבונדער אין וויין־קעלער ?
אליסע. איך וויים ניט צי מיר האבען גאר אין גאנצען געהאט א וויין־קעלער פאר די לעצטע פינף יאהר...
קאפיטאן. דו ווייסט דאך קיינמאל אויף ריכטיג. אונטער־דעסען וואס עס זאל ניט זיין, מוזען מיר זעהן דאס צו בעזארגען פאר אונזער זילבערנע האכצייט —
אליסע. דענקסטו זי טאקע צו פייערען ?
קאפיטאן. נאטירליך.
אליסע. איך גלויב, ס'וואלט מעהר נאטירליכער געווען, ווען מיר זאלען ניט ארויסצייגען אונזער עלענד — אונזער פינף־און צוואנציג־יאהריגען עלענד —
קאפיטאן. מיין ליעבע אליסע, עלענד איז דאס געוועזען, אבער מיר האבען אויך ווילע־וויילע געלעבט. מיר מוזען אויסנוצען דאס שטיקעל צייט וואס מיר קענען, ווייל נאכהער איז אלעס אויס.
אליסע. איז אלעס אויס ? וואלט עס נור אזוי געווען.
קאפיטאן. אלעס ווערט אויס ! ס'בלייבט מעהר ניט אזוי פיעל, וויפיעל מען קען ארויפלעגען אויף א טאטשקע און עס ארויספיהרען אויסצושפרייטען אויף די גארטען־בייטען.
אליסע. און אזוי פיעל ליארם וועגען א גארטען־בייט !
קאפיטאן. יא. אזוי איז דאס. איך האב עס ניט געמאכט.
אליסע. אזוי פיעל ליארם ! (פויזע) איז די פאסט שוין אנגעקומען ?
קאפיטאן. יא.
אליסע. איז אנגעקומען דער רעכענונג פון קצב ?
קאפיטאן. יא.
אליסע. וויפיעל זיינען מיר איהם שולדיג ?
קאפיטאן. (נעהמט ארויס א פאפיער פון קעשענע, זעצט ארויף די ברילען אויף דער נאז, נעהמט זיי אבער באלד צוריק ארונטער.) נא, לעז דו אליין. איך זעה ניט מעהר.

אליסע. וואָס איז מיט דיינע אויגען ?

קאַפּיטאַן. איך ווייס ניט.

אליסע. ווערסט אַלט.

קאַפּיטאַן. נאַרישקייטען ! איך ?

אליסע. איך, זיכער ניט !

קאַפּיטאַן. הם !...

אליסע. (קוקט דורך דעם רעכענונג) דענקסטו דאָס צו בע־צאָהלען ?

קאַפּיטאַן. יאָ. אָבער ניט יעצט.

אליסע. שפּעטער אַלזאָ. דאָס הייסט, אין אַ יאָהר אַרום, ווען דו וועסט קריעגען דיין אבשיעד מיט אַ קליינער פּענסיאָן און ווען עס וועט זיין צו שפּעט ! שפּעטער, ווען דיין קראַנקהייט וועט זיך ווידער אָפּרופען —

קאַפּיטאַן. מיין קראַנקהייט ? איך בין קיינמאָל ניט קראַנק געוועזן. איך האָב זיך אַמאָל געפיהלט אין אַ שלעכטער שטי־מונג, דאָס אַלעס. אָבער ווייטער, איך וועל נאָך לעבען 20 יאָהר.

אליסע. דער דאָקטאָר דענקט גראַדע אַנדערש.

קאַפּיטאַן. דער דאָקטאָר ?

אליסע. יאָ. ווער דען קען געבען אַ בעגרינדעטע מיינונג וועגען אַ קראַנקהייט ?

קאַפּיטאַן. איך לייד ניט פון קיין קראַנקהייט, און האָב קיינמאָל ניט געהאַט, און וועל אויך ניט האָבען, ווייל איך וועל שטאַרבען פּלוצלונג — און וועל פאַלען ווי אַן אַלטער סאָלדאַט !

אליסע. רעדענדיג פון דעם דאָקטאָר, ווייסטו, דער דאָקטאָר האַט היינט ביי נאַכט אַן אבענד־געזעלשאַפט ?

קאַפּיטאַן. (אויפגערעגט) יאָ, נו, איז וואָס ? מיר זיינען ניט איינגעלאַדען, ווייל מיר פערקעהרען ניט מיט זיי, די דאָקטוי־רים, און מיר פערקעהרען ניט מיט זיי, ווייל מיר ווילען ניט ; ווייל מיר פעראַכטען זיי אַלע. אַ גראָב פאָלק זיינען זיי, און דאָס אַלעס וואָס זיי זיינען !

אליסע. דו זאָגסט דאָס אויף אַלע מענשען.

קאַפּיטאַן. ווייל אַלע מענשען זיינען גראָב.

אליסע. נור דו נישט.

ק א פּ י ט א ן. יאָ, ווייל איך האָב זיך אין אַלע פערהעלטניסע פון לעבען אויפגעפיהרט אַנשטענדיג, און דערפאַר בין איך ניט ווי זיי אַלע. (פּויזע.)

א ל י ס ע. ווילסטו פיעלייכט ניט שפּיעלען אַביסעל אין קאָרטען ?

ק א פּ י ט א ן. פון מיינעט וועגען ! פאַר וואָס ניט ?

א ל י ס ע. (נעהמט אַרויס פון נעה־טיש אַ פּעשעל קאָרטען און פאַנגט אָן צו מישען) דענק נור, דעם דאָקטאָר איז ערלויבט צו בע־נוצען די מוזיק פאַר אַ פּריוואַט אונטערנעהמונג !

ק א פּ י ט א ן. (צאָרענדיג) ווייל ער געהט אַלע מאָל אין שטאָדט און קריכט צום פּאָלקאָווניק, קריכט און חנפ'עט זיך, און ווען — ווען איינער קען דאָס טהאָן !

א ל י ס ע. (גיט קאָרטען) איך בין געווען בעפריינדעט מיט גערדא'ן, אָבער זי איז געגען מיר פאַלש געווען...

ק א פּ י ט א ן. זיי זיינען אַלע פאַלש !... וואָס איז טראָמפּף ?

א ל י ס ע. טהו אָן די ברילען, וועסטו זעהן !

ק א פּ י ט א ן. זיי העלפען מיר גאָרניט. נו, נו !

א ל י ס ע. פּיק איז טראָמפּף.

ק א פּ י ט א ן. (ענטוישט) פּיק ?...

א ל י ס ע. (שפּיעלט אַרויס אַ קאָרט) נאַ, עס מעג שוין זיין ווי עס וויל זיך, פאַר די פרויען פון די נייע אָפיציערען זיינען מיר שוין סאַי־ווי־סאַי געשטעמפּעלט.

ק א פּ י ט א ן. (שפּיעלט אויס און נעהמט) וועמען אַרט דאָס ? מיר גיבען קיין געזעלשאַפטליכע אַבענדען, און קיינער וועט דאָס דערפאַר ניט בעמערקען. איך קען בעשטעהן צו לעבען פאַר זיך אַליין — אַזוי ווי איך האָב עס אימער געטהאָן.

א ל י ס ע. איך אויך. אָבער די קינדער ? די קינדער וואַקסען אָהן געזעלשאַפטליכע פערבינדונגען.

ק א פּ י ט א ן. זאָלען זיי זיך דאָס זוכען אין שטאָדט !... איך נעהם' דאָס. האָסט נאָך אַ טראָמפּף ?

א ל י ס ע. איך האָב איינעם. דאָס איז מיינער !

ק א פּ י ט א ן. זעקס און אַכט, מאַכט פופצעהן —

א ל י ס ע. פערצעהן, פערצעהן !

ק א פּ י ט א ן. זעקס און אכט מאכט פופצעהן !... מיר דוכט זיך, כ'האָב שוין באַלד פערגעסען ווי מען רעכענט, און צוויי איז זעכצעהן... (גענעצט) איצט דאַרפסטו געבען.

א ל י ס ע. דו ביזט מיעד ?

ק א פּ י ט א ן. (גיט קאָרטען) ווער איז מיעד ? איך בין גיט מיעד !

א ל י ס ע. (הערט זיך צו אַרויס אין דרויסען) מען הערט די מוזיק ביז אַהער ! (פּויזע) ווי דענקסטו, איז קורט דאָרט אויך איינגעלאַדען ?

ק א פּ י ט א ן. ער איז אָנגעקומען היינט אין דער פריה, דענק איך אַז ער האָט נאָך געהאַט צייט אַרויסצונעהמען זיין פראַק, כאָטש צו אונז מאַכען אַ בעזוך האָט ער שוין קיין צייט ניט געהאַט.

א ל י ס ע. קאַראַנטין־מייסטער — וועט דאָ ווערען איינגע־ריכטעט אַ קאַראַנטין ?

ק א פּ י ט א ן. יאָ....

א ל י ס ע. ער איז יעדענפאַלס מיין קאָזין, און איך האָב אַמאָל געטראָגען דעם זעלבען נאָמען ווי ער —

ק א פּ י ט א ן. און אין וועלכען ס'איז קיין גרויסע עהרע ניט געווען...

א ל י ס ע. הער נור !... (שאַרף) דו לאָז נאָר צורוה מיין פאַ־מיליע, און איך וועל דיינע צורוה לאָזען !

ק א פּ י ט א ן. גוט, גוט. לאָמיר דערפון מעהר ניט רעדען.

א ל י ס ע. מוז דער קאַראַנטין־מייסטער זיין אַ דאָקטאָר ?

ק א פּ י ט א ן. ניין. ער איז ניט מעהר ווי אַ סאָרט פער־וואַלטער אָדער אַ בוכהאַלטער און אויסער דעם, קורט האָט אין זיין לעבען גאָר ניט דערלערענט.

א ל י ס ע. פון די גוטע איז ער ניט געווען —

ק א פּ י ט א ן. און האָט מיך אָבגעקאָסט אַ שטיק מיט געלד— און ווען ער האָט פערלאָזט זיין פרוי און קינדער, האָט ער פער־לוירען זיין עהרע.

א ל י ס ע. ס'איז נאָך ניט אין גאַנצען ווי דו זאָגסט, עדגאַר.

ק א פּ י ט א ן. אָבער ס'איז דאָך אַזוי געווען !... דורך וואָס דען איז ער באַלד דאַן אַוועק אין אַמעריקאַ און דאָרט אָב־

געווען אזא שטיק צייט ! נאַ, איך קען ניט זאָגן אז איך האָב נאָך איהם געבענקט — אָבער ער איז יעדענפאַלס געווען א קלוגער יונג און איך האָב ליעב געהאַט מיט איהם צו ארגומענטירען.

א ל י ס ע. ווייל ער איז געווען א מענש וואָס פלעגט אימער נאָכגעבען —

ק א פ י ט א ן. (שטאָלץ) נאָכגעבען אָדער ניט נאָכגעבען, ער איז יעדענפאַלס געווען א מאַן מיט ועמען מען האָט געקענט רע־דען. דאָ אויפ'ן גאַנצען אינזעל געפינט זיך ניט קיין איין מענש וואָס זאָל פערשטעהן וואָס איך רעד. דאָ איז א געזעלשאַפט פון אידיאָטען —

א ל י ס ע. אָבער ס'איז זאָנדערבאַר, וואָס קורט איז גראַדע געקומען אין דער צייט פון אונזער זילבערנער האָכצייט — צי מיר וועלען זי יא פייערן צי ניט —

ק א פ י ט א ן. וואָרום איז דאָס זאָנדערבאַר !... אַך, אזוי, איך פערשטעה שוין ! ווייל ער איז געווען דער וואָס האָט אונז צוזאַמענגעשלייערט, אָדער ווי זיי דריקען זיך אויס, דיך חתונה געמאַכט.

א ל י ס ע. האָט ער דאָס ניט געטהאָן ?

ק א פ י ט א ן. אָה געוויס ! — דאָס איז געווען א אידעע — וועלכע איך לאָז איבער פאַר דיר צו זאָגען וואָס פאַר א !... —

א ל י ס ע. א לייכטזיננינגער שריט !...

ק א פ י ט א ן. פיר וועלכען מיר האָבען בעדאַרפט בעצאָהלען, און ניט ער !

א ל י ס ע. יאַ. שטעל זיך נאָר פאָר ווען איך וואָלט נאָך יעצט געווען אויף דער ביהנע, אַלע מיינע פריינדינעס זיינען שוין יעצט גאַנצע שטערן !

ק א פ י ט א ן. (הויבט זיך אויף) יעצט וועל איך זיך נעהמען א געשמאַקען טרונק. (ער געהט צו דעם בופעט און מאַכט זיך אַ געטראַנק וועלכען ער טרינקט שטעהענדיג) ווען דאָ וואָלט נאָך געווען א שטיק האָלץ אויף וואָס א פוס אָנצושפאַרען, וואָלט מען געקענט חלומ'ען אז מען איז אין קאָפּענהאַגען אָדער אין אַן אמעריקאַנער שענק.

א ל י ס ע. לאָמיר דאָ מאַכען א שטיק האָלץ, דאַמיט אז

ס'זאָל אונז נאָר דערמאָהנען אָן קאָפּענהאגען, דאָרט וואו מיר האָבען פערבראַכט אונזערע בעסטע שטונדען!

קאַפּיטאַן. (טרינקט שנעל) יא. געדענקסטו נאָך די גוטע שפּייזען מיט וועלכע מען האָט אונז דאָרט טראַקטירט?

אליסע. ניין. אָבער איך געדענק נאָך די קאָנצערטען פון טיוואָלי.

קאַפּיטאַן. יא. דו האָסט אַזאַ פיינעם געשמאַק.

אליסע. דאָס דאַרף דיך פרעהען, ווען דו האָסט אַ פרוי וועמען'ס געשמאַק איז אַ פיינער.

קאַפּיטאַן. איך פרעה זיך טאַקע —

אליסע. צייטענווייז, ווען דו האָסט בעדאַרפט זיך פאַר איהר בעריהמען —

קאַפּיטאַן. (טרינקט) איך דענק, זיי מוזען יעצט טאַנצען ביים דאָקטאָר — איך הער דעם דריי־פּיערטעל־טאַקט פון דעם באַס־קלאַרנעט — באָם־באָם־באָם!

אליסע. איך הער די גאַנצע מעלאָדיע פון אַלקאַזער'ס וואַלץ. נאַ, ס'איז שוין יעדענפאַלס ניט פון נעכטען זינט איך האָב ניט געטאַנצט קיין וואַלץ —

קאַפּיטאַן. דענקסטו, אַז דו וואָלסט נאָך יעצט געקענט טאַנצען?

אליסע. נאָך געקענט?

קאַפּיטאַן. יא—יא— איך דענק אַז דו ביזט פון טאַנצען שוין אַרויס אַזוי גוט ווי איך!

אליסע. איך בין דאָך צעהן יאָהר אינגער פון דיר.

קאַפּיטאַן. דאַן זיינען מיר איין עלטער, ווייל די פרוי דאַרף זיין אינגער מיט צעהן יאָהר —

אליסע. שעהם זיך! דו ביזט אַן אַלטער מאַן. יא, אָבער איך בין אין מיינע בעסטע יאָהרען!

קאַפּיטאַן. אָה, איך ווייס דאָס. ווען דו ווילסט, ביזטו נאָך פאַר אַנדערע זעהר אַנציהענד.

אליסע. קענען מיר שוין אָנצינדען דעם לאָמפּ?

קאַפּיטאַן. געוויס!

אליסע. דאַן, זיי אַזוי גוט, גיב אַ קלונג. (ער געהט לאַנגזאַם

צום שרייב־טיש און קלינגט. זשעני קומט אַריין פון רעכטס).

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָלט איהר ניט געוואָלט אַזוי גוט זיין און אָנצינדען דעם לאָמפּ ?

אַ ל י ס ע. (שטרענג) צינד אָן דעם הענג־לאָמפּ !

ז ש ע נ י. יאַ, גנעדיגע פרוי. (זי צינדט אָן דעם הענג־לאָמפּ, דער קאַפּיטאַן קוקט אויף איהר בשעת זי צינדט אָן דעם לאָמפּ).

אַ ל י ס ע. האָסטו גוט אויסגעווישט דאָס גלעזעל ?

ז ש ע נ י. יאַ, עטוואָס.

אַ ל י ס ע. וואָס איז דאָס פאַר אַן ענטפער ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. הער דאָך...

אַ ל י ס ע. געה אַרויס ! איך וועל דעם לאָמפּ אַליין אָנ־צינדען, דאָס וועט זיין דאָס בעסטע !

ז ש ע נ י. דאָס דענק איך אויך ! (געהט).

אַ ל י ס ע. (הויבט זיך אויף) געה !

ז ש ע נ י. (צעגערענד) איך וואָלט געוואָלט וויסען, וואָס די גנעדיגע פרוי וואָלט געזאָגט, ווען איך זאָל טאַקע אין גאַנצען אוועק־געהן ?

אַ ל י ס ע. (שווייגט).

ז ש ע נ י. (געהט אָב).

ק אַ פּ י ט אַ ן. (געהט צו און צינדט אָן דעם לאָמפּ).

אַ ל י ס ע. (אונרוהיג) דענקסטו אַז זי וועט טאַקע אוועקגעהן ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. מיך וואָלט גאָר ניט געוואונדערט ווען זי זאָל דאָס טהאָן, און דאַן וועט ווידער —

אַ ל י ס ע. (פאַלט איהם אַריין אין די רייד) דאָס איז דיין שולד. דו געוועהנסט זיי אַזוי איין !

ק אַ פּ י ט אַ ן. אָה, ניין ! ניט איך. דו זעהסט אַליין ווי גוט זיי זיינען געגען מיר.

אַ ל י ס ע. ווייל דו קריכסט פאַר זיי ! דו קריכסט פאַר זיי אַלעמען, און דאָס איז דערפאַר ווייל ווי אַלע דעספּאָטען האָסטו אַ נאַטור פון אַ שקלאַף.

ק אַ פּ י ט אַ ן. אַזוי !

אַ ל י ס ע. יאַ. דו קריכסט פאַר דיין מאַנשאַפט און פאַר

דיינע אונטער־אָפּיציערן. אָבער מיט דיין גלייכען, אָבער מיט א העכערען פון דיר קענסטו ניט דורכקומען.

ק א פּ י ט א ן. אופּף!

א ל י ס ע. אזוי טהוען אַלע טיראַנען!... דענקסטו זי וועט אוועקגעהן?

ק א פּ י ט א ן. ווען דו וועסט ניט ארויסגעהן צו איהר און זי בעטען מיט פריינדליכע ווערטער, וועט זי זיכער אוועקגעהן.

א ל י ס ע. איך? —

ק א פּ י ט א ן. יא. ווייל ווען איך וועל עס טהאָן, וועסטו נאָך נאָכהער זאָגען אז איך שפּיעל זיך אַרום מיט איהר.

א ל י ס ע. גאָט! ווען זי זאָל אוועקגעהן, וועל איך ווידער אליין דארפען טהאָן אַלע ארבייטען און ווי לעצטעס מאָל זיך צו־קאַליעטשען די הענד.

ק א פּ י ט א ן. דאָס וואָלט נאָך ניט געווען דאָס ערגסטע, אָבער ווען זשעני וועט געהן, וועט אויך קריסטעל געהן, און דאַן וועט אונז אונמעגליך זיין צו קריעגען א דיענסט דאָ אויפ׳ן אינזעל.

א ל י ס ע. ווילסט נאָך ווייטער שפּיעלען?

ק א פּ י ט א ן. ניין. עס מאַכט מיך מיעד (פּויזע).

א ל י ס ע. ווייסטו, פון דעסטוועגען ערגערט עס מיך, וואָס מיין קאָזין, דער נייער קאַראַנטין־מייסטער מאַכט זיין ערשטען בע־זוך צו אונזערע שונאים.

ק א פּ י ט א ן. נא, וואָס ליגט זיך צו ריידען דערפון?

א ל י ס ע. אָבער האָסטו געזעהן אין דער צייטונג צווישען „די רייזענדע־געמעלדעטע” אז ער האָט זיך פערשריבען אַלס נגיד? ער האָט געמוזט קומען צו זעהר א סך געלד.

ק א פּ י ט א ן. אַלס א נגיד! אָה, אָה — א רייכען קרוב — דאָס איז ווירקליך דער ערשטער אין דער פאַמיליע!

א ל י ס ע. אין דיין פאַמיליע, יא! אָבער אין מיינער האָבען מיר שוין געהאַט א סך נגידים.

ק א פּ י ט א ן. אָבער ווען ער האָט געלט, דענק איך וועט ער זיך מסתמא האַלטען גרויס, אָבער אין מיין באַנק־בוך וועט ער אויך ניט קענען אריינקוקען. איך וועל זיך האַלטען אזוי, פּונקט ווי איך וואָלט פערמאָגען אזוי פיעל וויפיעל ער.

(דער טעלעגראַפישער אַפּאַראַט קלאַפּט).

א ל י ס ע. ווער קען דאָס זיין?

ק א פּ י ט א ן. (בלייבט שטעהן) זיי שטיל פּאר א מאָמענט, זיי אזוי גוט.

א ל י ס ע. וואָרום געהסטו ניט צו?

ק א פּ י ט א ן. ווייל איך הער — איך הער פון דאנע: וואָס זיי זאָגען. דאָס זיינען די קינדער. (ער געהט צו צום אַפּאַראַט און קלאַפּט אָן ענטפער).

(דער אַפּאַראַט קלאַפּט ווידער א וויילע, און דאַן ענטפערט דער קאַפּיטאַן נאָך אַמאָל).

א ל י ס ע. נו?

ק א פּ י ט א ן. וואַרט איין אויגענבליק!... (גיט דעם לעצטען קלאַפּ) דאָס זיינען געוועזן די קינדער וועלכע געפינען זיך יעצט אין שטאָדט אויף דער הויפּט־וואַך. יודיטה איז קראַנק און געהט ניט אין שוהלע.

א ל י ס ע. שוין ווידער! און וואָס נאָך האָבען זיי געזאָגט?

ק א פּ י ט א ן. דו קענסט זיך פאָרשטעלען. געלד, נאַטירליך.

א ל י ס ע. צו וואָס דאַרף זיך יודיטה אזוי איילען, זי איז נאָך יונג. ווען זי וועט אָבגעבען איהר עקזאַמען איבער איאָהר וועט אויך זיין גוט.

ק א פּ י ט א ן. נו, זאָג איהר דאָס, וועסטו זעהן צי עס וועט עפּעס העלפען.

א ל י ס ע. דו דאַרפסט איהר זאָגען.

ק א פּ י ט א ן. וויפיעל מאָל האָב איך עס איהר שוין ניט געזאָגט. אָבער דו ווייסט דאָך, די קינדער טהוען וואָס זיי ווילען.

א ל י ס ע. יא. דאָ אין הויז וועניגסטענס... (דער קאַפּיטאַן גענעצט). שעהמסט זיך גאָרניט צו גענעצען אין דער געגענוואַרט פון דיין פרוי?

ק א פּ י ט א ן. וואָס קען איך זיך העלפען? בעמערקסטו דען ניט אז יעדען טאָג רעדען מיר אַלץ פון איינס און דאָס זעלבע? ווען דו האָסט אצינד ארויסגערעדט דיין גוטע אַלט־בעקאַנטע פראַזע: „דאָ אין הויז וועניגסטענס”, האָב איך דיר געוואָלט ענטפערען מיט מיין אַלטען אנטוואָרט: אז דאָס הויז איז ניט נור

מיינ'ס אליין ; נאָר אַזוי ווי איך האָב דיר דאָס שוין געענטפערט אפשר אַ פינף־הונדערט מאָל, האָב איך געגענעצט אַנשטאָדט דאָס צו טהאָן, און מיין גענעצען קען בעדייטען, אַז איך בין געוועזן צו פויל צו בעאַנטוואָרטען, אָדער „דו האָסט רעכט, מיין מלאכ'ל", אָדער „לאָמיר מעהר ניט רעדען דערפון".

א ל י ס ע. דו ביזט זעהר ליעבענסווירדיג היינט ביינאַכט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. איז שוין ניט באַלד צייט צו עסען ?

א ל י ס ע. ווייסטו אַז דעם אבענד־מאָהלצייט וואָס דער דאָקטאָר גיט היינט ביינאַכט איז בעשטעלט געוואָרען אין שטאָדט אין האָטעל גרענד ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין. אויב אַזוי מוזען זיי דאָרט מסתמא האָבען העזעל־היהנער ! דו ווייסט, העזעל־היהנער זיינען די פיינסטע פויגעל, אָבער ס'איז די גרעסטע באַרבעריי זיי צו בראָטען אין חזיר־שמאַלץ !

א ל י ס ע. פוי ! רייד ניט פון עסען !

ק אַ פּ י ט אַ ן. פון וואָס דען ? זאָל איךריידען פון ווייִן ? איך וואָלט טאַקע געוואָלט וויסען וואָס די באַרבאַרען פערטרינקען ווען זיי עסען אויף אַ העזעל־הוהן ?

א ל י ס ע. זאָל איך עטוואָס שפּיעלען פאַר דיר ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. (זעצט זיך אויפ'ן שרייב־טיש) דאָס לעצטע מיטעל. יאַ, ווען דו זאָלסט מיר נור ניט שפּיעלען דיינע טרויער־מאַרטשען און קלאָג־ליעדער... דאָס קלינגט צופיעל ווי טענדענץ־מוזיק. מיר דוכט זיך שטענדיג אַז איך הער אין די טענער פון דיין שפּיעלען : „הערט, ווי אומגליקליך איך בין !מיו, מיו ! הערט וואָס פאַר אַ שרעקליכען מאַן איך האָב ! ברום ! ברום ! ברום ! אַך, ווען ער זאָל נאָר וואָס שנעלער שטאַרבען " און אַזוי שפּיעלענדיג ענדיגסטו מיט דעם אַלקאַזער'ס וואַלץ און מיט דעם שאַמפּאַניער גאַלאָפּ ! יאַ, רעדענדיג פון דעם שאַמפּאַניער, מיר דוכט זיך, אַז עס איז נאָך פאַראַן צוויי פלעשלעך. וואָס וואָלסטו געזאָגט, למשל, ווען מיר זאָלען זיי אַרויפנעהמען און אויסטרינקען אַקוראַט ווי מיר וואָלטען געהאַט בעזוך ?

א ל י ס ע. ניין. מיר וועלען זיי ניט אַרויפנעהמען, ווייל זיי זיינען מיינע. זיי זיינען מיר פּערזענליך געגעבען געוואָרען.

קאפיטאן. דו ביזט אלע מאל עקאנאמיש.

אליסע. און דו ביזט אלע מאל קארג. פאר דיין פרוי, זיכער.

קאפיטאן. דאן ווייס איך שוין אליין ניט וואס אויסצור־קלערען פאר דיר. זאל איך פיעלייכט טאנצען פאר דיר?

אליסע. איך דענק אז דו ביזט שוין פון טאנצען לאנג ארויס.

קאפיטאן. דו וואלסט בעדארפט האבען א פריינדין מיט דיר אין הויז.

אליסע. א דאנק! איך בעדארף נישט. דו ברענג זיך בעסער א פריינד אין הויז אריין.

קאפיטאן. א דאנק! דאס האב איך שוין פרובירט, און ס'האט זיך אויסגעלאזט פאר ביידען ניט אזוי אנגענעהם. אבער אלס א פראבע איז דאס געוועזן זעהר אינטערעסאנט, ווייל אזוי שנעל ווי א פרעמדער קומט דא אריין אין הויז, ווערען מיר גליק־ליך... וועניגסטענס אין אנפאנג...

אליסע. אבער נאכהער...

קאפיטאן. אה, רעד בעסער ניט דערפון.

(עס דערהערט זיך א קלאפ אין טיהר לינקס).

אליסע. ווער קען דאס זיין אזוי שפעט?

קאפיטאן. זשעני פלעגט קיינמאל ניט קלאפען.

אליסע. געה עפען, און שריי דארט ניט אריין, דאס קלינגט ווי אין א ווערקשטאט.

קאפיטאן. דו ליעבסט ניט ווערקשטאטען.

אליסע. נו, עפען שוין!

קאפיטאן. (עפענט די טיהר און נעהמט צו א וויזיט־קארטע וועלכע מען דערלאנגט איהם) ס'איז קריסטעל. — איז זשעני אוועק־געגאנגען? (אזוי ווי דער צושויער הערט ניט דעם אנטווארט. צו אליסע'ן) זשעני איז אוועק.

אליסע. יעצט וועל איך ווידער מוזען ווערען א דיענסט.

קאפיטאן. און איך ווידער א קנעכט.

אליסע. וואלט ביעלייכט ניט מעגליך געוועזן צו נעהמען איינעם פון דיינע סאלדאטען, ער זאל אביסעל צוהעלפען אין קיך?

קאפיטאן. ניין. ניט אין דער יעצטיגער צייט.

א ל י ס ע. אָבער דאָס איז דאָך ניט געווען זשעני וועלכע האָט אריינגעשיקט איהר קאַרטע ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. (בעטראַכט די קאַרטע דורך זיינע ברילען און גיט זי דאַן צו אַליסע'ן) נאַ, לעז דו און זעה וואָס דאָרט איז אָנגעשריבען. איך זעה נישט.

א ל י ס ע. (לעזט איבער די קאַרטע) קורט — ס'איז קורט ! לויף שנעל ארויס און עמפּפאַנג איהם !

ק אַ פּ י ט אַ ן. (געהט אַרויס דורך לינקס) קורט ! דאָס איז זעהר פיין פון זיין זייט.

א ל י ס ע. (ברענגט איהרע האָאר אין אָרדנונג און זעהט אויס ווי זי וואָלט ערשט ערוואַכט צום לעבען).

ק אַ פּ י ט אַ ן. (קומט צוריק פון לינקס מיט קורט'ן) זעה, דאָ איז ער, דער פעררעטהער ! זיי מיר ווילקאָמען, אַלטער פריינד ! לאָז מיר דיך אומאַרמען !

א ל י ס ע. (געהט קורט'ן אַנטקעגען) ווילקאָמען אין מיין הויז, קורט !

ק ו ר ט. א דאַנק... ס'איז שוין לאַנג זייט מיר האָבען זיך איינס דאָס אַנדערע געזעהן.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ווי לאַנג ? פופצעהן יאָהר, דאַכט זיך, און ווי אַלט מיר זיינען געוואָרען !

א ל י ס ע. אָה, מיר דאַכט זיך אויס, אז קורט האָט זיך גאָרניט געענדערט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. זעץ דיך, זעץ דיך ! און קודם כל דעם פּראָגראַם. ביזטו ערגעץ פאַרבעטען פאַר היינט אָבענד ?

ק ו ר ט. איך בין איינגעלאַדען צום דאָקטאָר, אָבער איך האָב איהם ניט פערשפּראָכען צו קומען.

א ל י ס ע. דאַן וועסטו דאָ בלייבען ביי דיינע פריינד.

ק ו ר ט. יאָ. דאָס וואָלט געווען דאָס נאַטירליכסטע ; אָבער דער דאָקטאָר איז מיין אָבער־הערר, און איך קען נאָך דאדורך האָבען אונאַנגענעהמליכקייטען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָס איז דאָס פאַר א רייד ! איך האָב קיינמאָל ניט מורא געהאַט פאַר אַן אָבער־הערר —

קורט. מורא האָבען אָדער נישט, די אונאַנגענעהמליכקייטען איז דאָן שווער אויסצואויייכען.

קאַפּיטאַן. דאָ אויף'ן אינזעל בין איך הערר! האַלט זיך פעסט אָן מיר און קיינער וועט ניט וואגען דיר עפּעס שלעכטס צו טהאָן.

אַליסע. גענוג שוין, עדגאַר (נעהמט קורט'ס האַנד) קוק ניט אויף הערר'ן און אָבער־הערר'ס, און בלייב ביי אונז. דאָס וועט אויסזעהן ריכטיג און נאַטירליך.

קורט. נאַ, אויב אַזוי — און בעזאָנדערס ווען איך פיהל זיך דאָ ווילקאָמען, וועל איך בלייבען.

קאַפּיטאַן. וואָרום זאָלסטו ניט זיין ווילקאָמען? צווישען אונז איז דאָך גאָרנישט (קורט פערזוכט צו פערבאָרגען אַן אונאַנגענעהמע אידעע וועלכע ער האָט זיך דערמאָהנט) וואָס קען דען זיין צווישען אונז? דאָס וואָס דו ביזט אַמאָל בעגאַנגען? ווייס איך, דו ביזט געווען יונג און נאַכלעסיג. און אויסער דעם, איך האָב עס שוין לאַנג פערגעסען, איך האָב פיינט צו האַלטען זאַכען לאַנג אויפ'ן זכרון.

(אַליסע זעהט אויס געפּייניגט, אַלע דריי זעצען זיך אַרום נעה־טיש).

אַליסע. נאַ, דו ביסט מסתמא אויסגעווען וואו די וועלט האָט אַן עק?

קורט. יאַ. און איצט האָב איך געפונען אַ האַפען דאָ ביי דיר —

קאַפּיטאַן. ביי דער וועלכער דו האָסט געהייראַטה מיט פינף־און־צוואַנציג יאָהר צוריק.

קורט. ס'איז ניט געווען ווי דו זאָגסט. אָבער ס'מאַכט ניט. עס איז נאָך אַלעמען אַנגענעהם צו זעהן אַז איהר האָט צוזאַמען אָבגעלעבט פינף־און־צוואַנציג יאָהר.

קאַפּיטאַן. יאַ. מיר האָבען זיך געהאַלטען ביידע צוזאַמען. אַמאָל איז געווען אַזוי, אַמאָל אַזוי, אָבער ווי דו האָסט שוין געזאָגט, מיר האָבען זיך געהאַלטען צוזאַמען, און אַליסע האָט זיך גאָר ניט וואָס צו בעקלאָגען. איהר פעהלט קיין זאַך ניט. געלד האָבען מיר איבער גענוג. און איך קען דיר אויך זאָגען, פיעלייכט

האָסטו ניט געהערט, איך בין אַ בעריהמטער שריפטשטעלער, אַ פּערפּאָסער פון פּיעלע לעהר־ביכער —

ק ו ר ט. יאָ. איך געדענק דאָס ווען מיר האָבען זיך צושיידט, האָסטו אַרויסגעגעבען אַ לעהר־בוך ווי צו שיסען, און זי האָט זיך אַ מאָסע פערקויפט. בענוצט מען זי נאָך היינט אויך אין די מי־ליטערישע שוהלען ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. געוויס. און זי איז נאָך היינט די בעסטע, הגם זיי האָבען שוין פּרובירט זי איבערצובייטען אויף איין ערגערע... וועלכע ווערט טאַקע יעצט געלערענט. אָבער האָט דורכאויס קיין ווערטה נישט. (אַ פּיינליכעס שווייגען).

ק ו ר ט. איהר זייט געוועזען אין אויסלאַנד, האָב איך געהערט ?

אַ ל י ס ע. יאָ. מיר זיינען געוועזען אין קאָפּענהאַגען, פינף מאָל ! שטעל זיך נאָר פאָר !

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו זעהסט, ס'איז געוועזען דאַמאָלס ווען איך האָב איהר אָוועקגענומען פון טהעאַטער...

אַ ל י ס ע. דו האָסט מיך גענומען ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאָ. איך האָב דיך גענומען ווי אַ פרוי דאַרף גענומען ווערען...

אַ ל י ס ע. ווי בראַוו דו ביזט געוועזען !

ק אַ פּ י ט אַ ן. אָבער אַזוי ווי נאָכהער האָט מען מיר אָנ־געפאַנגען אויפצואוואַרפען אַז איך האָב רואינירט איהר ברילאַנ־טענע צוקונפט... הם !... האָב איך איהר פערשפּראָכען צו בעצאָהלען דערמיט וואָס איך וועל איהר אַרויסנעהמען אין קאָפּענהאַגען... און דאָס האָב איך געהאַלטען — עהרליך געהאַלטען ! פינף מאָל זיינען מיר דאָרט געוועזען. פינף מאָל ! (צעהלט אויף די פינגער פון דער לינקער האַנד) ביזטו שוין געוועזען אין קאָפּענהאַגען ?

ק ו ר ט. (שמייכלענדיג) ניין, איך בין מייסטענס געוועזען אין אַמעריקאַ...

ק אַ פּ י ט אַ ן. אַמעריקאַ ?... דאָס מוז געוויס זיין אַ שרעקליך בראַדיאַגענ־לאַנד ?

ק ו ר ט. (אונאַנגענעהם) קאָפּענהאַגען איז דאָס נישט.

אַ ל י ס ע. האָסטו... עפּעס... געהערט פון דיינע קינדער ?

ק ו ר ט. ניין.

אַ ל י ס ע. איך האָב, דו וועסט מיר פערצייהען — דאָס איז געווען אַ ניט־איבערגעלעגטע זאַך וואָס דו האָסט פערלאָזט די קינדער...

ק ו ר ט. איך האָב זיי ניט פערלאָזען, זאָנדערן דאָס געריכט האָט זיי צוגעשפּראָכען צו דער מוטער...

ק אַ פּ י ט אַ ן. לאָמיר יעצט דערפון ניט ריידען. איך גלויב, ס'איז געווען בעסער פאַר דיר וואָס די זאַך האָט זיך אַזוי געמאַכט.

ק ו ר ט. (צו אַליסע'ן) וואָס מאַכען דיינע קינדער ?

אַ ל י ס ע. אַ דאַנק ! זיי זיינען אין שטאָדט און געהען דאָרט אין שוהלע און וועלען שוין באַלד זיין גאָר גרויסע מענשען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאָ. דאָס זיינען פיינע קינדער, און דער יונג האָט אַ ברילליאַנטענעם קאָפּ. אַ ברילליאַנטענעם ! עס וועט ניט נעהמען לאַנג און ער וועט זיין דער העכסטער צווישען אַלע גע־נעראַלען...

אַ ל י ס ע. ווען זיי זאָלען איהם נאָר אָננעהמען !

ק אַ פּ י ט אַ ן. איהם ניט אָננעהמען ? דער יונג האָט אַ קאָפּ פון אַ קריעגס־מיניסטער.

ק ו ר ט. פון איינס צו דאָס אַנדערע !... איך האָב אייך גאָר פערגעסען צו דערצעהלען—מען געהט דאַך דאָ מאַכען אַ קאַראַנטין געגען מגפות, כאָלעראַס און נאָך געגען מאַנכע זאַכען, און ווי איהר ווייסט, וועט דער דאָקטאָר זיין מיין אָבער־הערר... וואָס פאַר אַ מענש איז ער ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. מענש ? דאָס איז קיין מענש ניט. דאָס איז אַן אונאינטעליגענטער שורקע.

ק ו ר ט. (צו אַליסע'ן) דאָס וועט זיין זעהר ניט גוט פאַר מיר.

אַ ל י ס ע. ס'איז ניט אַזוי געפעהרליך ווי ער מאַהלט איהם, אָבער איך קען אויך ניט פ...לייקענען אַז ער איז אַן אונסימ־פּאַטהישער מענש — —

ק אַ פּ י ט אַ ן. ער איז אַ שורקע ! און דאָס זיינען אויך אַלע אַנדערע : דער שטייערמאַן, דער פּאָסט־מייסטער, דאָס טעלעפאָן־מיידעל, דער אַפּטייקער, דער לאָצמאַן — ווי רופען זיי איהם דאָרט ?אַלדערמאַן. אַלע זיינען זיי שורקעס ! און דערפאַר מאַך איך מיט זיי קיין געשעפטען נישט.

ק ו ר ט. ביזט ברוגז מיט זיי אלעמען ?

ק א פּ י ט א ן. מיט אלע.

א ל י ס ע. יא. ס'איז אמת. צו פערקעהרען מיט די מענשען איז איינפאך אונמעגליך.

ק א פּ י ט א ן. עס צייגט אויס ווי אלע טיראנען פון גאנצען לאנד וואלטען אהער געשיקט געווארען צו הערשען דא אויפ'ן אינזעל.

א ל י ס ע. (איראניש) יא. זעהסטו, דאס איז ריכטיג !

ק א פּ י ט א ן. (גוטמוטהיג) הם !... מיינסטו דערמיט מיך א שטאך צו געבען ? איך בין ניט קיין טיראן — וועניגסטענס, ניט ביי זיך אין הויז..

א ל י ס ע. דאס ווייסטו בעסער.

ק א פּ י ט א ן. (צו קורט'ן) דו הער זיך ניט צו וואס זי זאגט, איך בין א גאנץ גוטער מאן און מיין אלטע איז די בעסטע פרוי אין דער וועלט.

א ל י ס ע. וואלסטו פיעלייכט ניט געוואלט עפּעס טרינקען, קורט ?

ק ו ר ט. א דאנק, ניט יעצט.

ק א פּ י ט א ן. דו ביזט —

ק ו ר ט. נור אביסעל מאדערנער געווארען —

ק א פּ י ט א ן. אמעריקאניש ?

ק ו ר ט. יא.

ק א פּ י ט א ן. איך וויל ניט זיין פון די מאדערנע, ווייל עס לוינט זיך ניט. א מאן דארף שטענדיג קענען פערטראגען אביסעל משקה.

ק ו ר ט. אומקעהרענדיג זיך צו אונזערע שכנים דא אויפ'ן אינזעל — וועט מיין שטעלונג מיך ברענגען אין נאהנטע בעציהונג מיט זיי — און אין זייער געגענווארט וועל איך זיך פיהלען זעהר שלעכט, ווייל ווי מען זאל ניט וועלען אויסמיידען אריינגעשלעפּט צו ווערען אין פרעמדע אינטריגעס, ווערט מען דאך אריינגעשלעפּט.

א ל י ס ע. דו געה נור צו זיי ; צו אונז וועסטו שוין במילא צוריק קומען, ווייל דא וועסטו געפינען דיינע אמת'ע פריינד.

קורט. איז עס ניט שרעקליך צו וואָהנען צווישען אזוי פיעל שונאים?

אליסע. אנגענעהם איז דאָס נישט.

קאפיטאן. ס'איז גאָר ניט אזוי שרעקליך, איך האָב מיין גאנצען לעבען ניט געהאט מעהר ווי שונאים און אנשטאָט שלעכטס האָבען זיי מיר שטענדיג גוטס געטהאָן, און ווען איך וועל שטארבען וועל איך קענען זאָגען: „איך בין קיינעם גאָר ניט שולדיג און האָב אויך פון קיינעם קיינמאָל גאָר ניט געקראָגען", פאר יעדער זאַך וואָס איך בעזיץ האָב איך געהאט שווער צו קעמפפען.

אליסע. יא, עדגאַר'ס וועג איז מיט רויזען ניט געוועזן אויסגעשפרייט.

קאפיטאן. מיט דערנער און שטיינער — מיט שפּיציגע שטיינער, — אָבער א מאַנ'ס אייגענע קראַפט, ווייסטו וואָס דאָס מיינט?

קורט. (איינפאַך), יא. איהר ניט־דויערהאַפטיגקייט האָב איך נאָך געלערענט מיט צעהן יאָהר צוריק.

קאפיטאן. דאַן טויגסטו צו גאָרניט.

אליסע. (צום קאפיטאַן) עדגאַר!

קאפיטאן. יא, איך זאָג, ער טויג צו גאָרניט ווען ער בעזיצט ניט קיין אייגענע קראַפט. עס איז אמת, אז ווען דער מענש הערט אויף צו זיין, און זיין קערפּער צופאַלט אויף שטיקלעך, בלייבט מעהר ניט אזוי פיעל וויפיעל מען קען ארויפלעגען אויף א טאַטשקע און עס ארויספיהרע, אויסשפּרייטען אויף די גאָרטען־בייטען. אָבער אזוי לאַנג ווי ער האַלט נאָך אָן, אזוי לאַנג ווי זיין פּולס קלאַפּט נאָך דאַרף ער טרעטען און שלאָגען מיט זיינע הענד און פיס ביז דער לעצטער מינוט. דאָס איז מיין פילאָזאָפיע.

קורט. (לאַכענדיג) עס איז קאָמיש צוצוהערען זיך צו דיר —

קאפיטאן. אָבער גלויבסטו ניט אז דאָס איז אמת?

קורט. ניין, איך ניט.

קאפיטאן. אָבער יעדענפאַלס איז דאָס אזוי.

(וועהרענד די לעצטע סצענע האָט דער ווינד אָנגעהויבען שטאַרק בלאָזען און עס האָט זיך צוגעמאַכט איינער פון די טהויערען מיט אַ שטאַרקען קלאַפּ).

ק א פ י ט א ן. (הויבט זיך אויף) דער ווינד פאנגט אָן שטאַרק צו בלאָזען, איך פיהל דאָס. (ער געהט אין הינטער־גרונד, פערמאַכט ביידע טהויערען און קלאַפּט אויפ'ן באַראָמעטער).

א ל י סע. (צו קורט'ן) דו ווערסט דאָך דאָ בלייבען פאר וועט־שערע?

ק ו ר ט. יא, א דאנק.

א ל י סע. אָבער עס וועט זיין אַן איינפאַכע וועטשערע, ווייל אונזער קעכין האָט אונז פערלאָזען.

ק ו ר ט. עס מאַכט ניט. פאַר מיר וועט זיין גענוג.

א ל י ס ע. דו פערלאַנגסט אַזוי ווייניג, ליעבער קורט!

ק א פ י ט א ן. (ביים באַראָמעטער) ווען איהר זאָלט נור קענען זעהן ווי דער באַראָמעטער פאַלט! אָה, איך האָב געפיהלט אַז עס וועט אַזוי זיין!

א ל י סע. (שטיל צו קורט'ן) ער איז זעהר נערוועז.

ק א פ י ט א ן. ווערען מיר שוין באַלד עסען וועטשערע?

א ל יס ע. (הויבט זיך אויף) אָט געה איך שוין זעהן דאָס צו בעזאָרגען. דו קענסט דאָ דערוויייל מיט איהם זיצען און אביסעל פילאָזאָפירען. (שטיל צו קורט'ן) אָבער זאָלסט איהם קיין זאַך ווי־דערשפּרעכען, אַז ניט פערליערט ער זיין גאַנצען הומאָר. און זאָלסט איהם אויך ניט פרעגען פאַרוואָס ער איז ניט געוואָרען קיין מאַיאָר.

ק ו ר ט. (שאָקעלט צושטימענד מיט'ן קאָפּ).

א ל י ס ע. (ווענדעט זיך אָבצוגעהן דורך רעכטס).

ק א פ י ט א ן. (זעצט זיך נעבען קורט'ן ביים נעה־טיש) זעה, אַלטעטשקע, אַז מיר זאָלען היינט האָבען עפּעס רעכטס פאַר וועט־שערע.

א ל י ס ע. דו גיעב נאָר געלד און דו וועסט קריעגען וואָס דו ווילסט.

ק א פ י ט א ן. אימער געלד! (אַליסע געהט אָב).

ק א פ י ט א ן. (צו קורט'ן) געלד, געלד און געלד! א גאַנצען טאָג דאַרף איך האַלטען אין איין שלעפּען דעם געלד־בייטעל, ביז מיר ווייזט זיך אויס אַז איך בין שוין אַליין א געלד־בייטעל. איז דיר בעקאַנט דער געפיהל?

ק ו ר ט. יא. נור מיט דער קלײנער אונטערשיעד וואָס מיר דוכט זיך טהײלמאָל אַז איך בין אַ בריעף־קעשענע.

קאַ פּ י ט אַ ן. האַ, האַ, האַ! דו האָסט שוין אויך געשמעקט דעם טאַבאַק! אָך, די פּרויען, די פּרויען! האַ, האַ! און האָסט נאָך געהאַט אײנע פון די ריכטיגע!

ק ו ר ט. (אונגעדולדיג) לאָמיר יעצט דערפון ניט רײדען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס איז געװען אַ ריכטיג שטיקעל ציערונג! נאַ, איך — יעדענפאַלס — טראָץ אַלעמען האָב געקראָגען אַ גוטע פרוי, טראָץ אַלעמען!

ק ו ר ט. (לאַכט גוטמוטהיג) טראָץ אַלעמען!

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָס לאַכסטו?

ק ו ר ט. (ווי פריהער) טראָץ אַלעמען!

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ, זי איז געװען אַ גוטע פרוי... אַ פּאַר־טרעפליכע מוטער, אויסערגעװעהנליך גוט — אָבער — (קוקט אויף דער רעכטער זײט טיהר) זי האָט אַ טײפּעלשען טעמפּעראַמענט. דו װײסט, ס'איז געװען מאָמענטען װען איך האָב דיך געשאָלטען פאַר דײן צוזאַמען שדכנ'ען מיך מיט איהר.

ק ו ר ט. (גוטמוטהיג) אָבער איך האָב דאָס ניט געטהאָן. מענש, הער מיך דאָך!...

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ, יאַ, יאַ! דו רעדסט נאַרישקײטען און פערגעסט זאַכען, אַז װעלכע מען דערמאָנט זיך אונגערן, אָבער האָב אויף מיר ניט קײן פּעראיבעל! איך בין געװאוינט צו קאָמאַנדירען. דו קענסט מיך און איך האָף אַז דו װעסט אויף מיר ניט ברוגז װערען.

ק ו ר ט. דורכאויס ניט. אָבער איך האָב דיך ניט פערשלײערט מיט קײן שום פרוי. אין געגענטהײל!

ק אַ פּ י ט אַ ן. (ניט לאָזענדיג זיך אונטערברעכען) דענקסטו יעדענפאַלס נישט אַז דאָס לעבען איז אַ מערקװירדיגע זאַך.

ק ו ר ט. איך דענק אַזוי.

ק אַ פּ י ט אַ ן. און דאָס אַלט װערען — אַנגענעהם איז דאָס ניט, אָבער ס'איז אינטערעסאַנט. יאַ, איך בין נאָך ניט אַלט, אָבער די אַלטקײט פאַנג איך שוין אָן צו פיהלען, אַלע בעקאַנטע שטאַרבען אָב און מען װערט אַזוי אײנזאַם!

ק ו ר ט. גליקליך איז דער וואָס האָט אַ פרוי און וואָס קען זיך מיט איהר עלטערען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. גליקליך ? יאַ ,ס'איז אַ גליק, וואָרום די קינדער געהען אויך אַוועק זייער אייגענעם וועג. האָסט דיינע ניט געוועזן בעראַרפט פערלאָזען.

ק ו ר ט. איך האָב זיי ניט פערלאָזען. זיי זיינען פון מיר צו־גענומען געוואָרען. —

ק אַ פּ י ט אַ ן. ווער ניט אין כעס וואָס איך זאָג עס דיר ! —

ק ו ר ט. אָבער ס'איז דאָך ניט אַזוי געוועזן.

ק אַ פּ י ט אַ ן. נאַ, ווי דאָס איז ניט געוועזן, ס'איז שוין יעצט יעדענפאַלס פערגעסען — אָבער דו ביזט דאָך געבליבען אַזוי איינזאַם !

ק ו ר ט. מען געוועהנט זיך צו אַלעס צו.

ק אַ פּ י ט אַ ן. קען מען דאָס ? קען מען זיך אויך צוגע־וואָהנען צו לעבען גאַנץ אַליין ? — איינזאַם ? —

ק ו ר ט. קענסט דאָך נעהמען אַ ביישפּיעל פון מיר.

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָס האָסטו געטהאָן וועהרענד די פופצעהן יאָהר ?

ק ו ר ט. וואָס פאַר אַ פראַגע ! דיעזע פופצעהן יאָהר !

ק אַ פּ י ט אַ ן. מען זאָגט דו ביזט געקומען צו געלד און רייך געוואָרען —

ק ו ר ט. רייך בין איך ניט — —

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך דענק ביי דיר ניט צו לייהען —

ק ו ר ט. ווען דו זאָלסט עס אפילו יאַ דענקען, בין איך אַלע מאָל בערייט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך דאַנק דיר זעהר שעהן, אָבער איך האָב אין דער באַנק אַ שעהן ביסעל געלד. דו זעהסט (ער בליקט אויף דער טיהר רעכטס) דאָ אין הויז טאָר קיין שום זאַך ניט פעהלען, און ווען עס וועט קומען דער מאָג ווען איך וועל מעהר קיין געלד ניט האָבען — וועט זי זיך געהן איהר וועג.

ק ו ר ט. אָה, ניין !

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך וויים בעסער. שטעל זיך פאָר אַז זי זוכט אימער אַ געלעגענהייט ביי מיר צו בעטען געלד ווען איך האָב ניט,

נור דאַמיט אַז זי זאָל מיר קענען אויפוואַרפען אַז איך קען קיין לעבען מאַכען פאַר דער פאַמיליע.

ק ו ר ט. אָבער דו האָסט דאָך מיר פריהער דערצעהלט אַז דו האָסט אַ גרויסע איינקונפט.

ק אַ פּ י אַ ן. געוויס האָב איך אַ גרויסע איינקונפט... אָבער טהיילמאָל סטייעט עס ניט.

ק ו ר ט. דאַן איז זי ניט קיין גרויסע, לויט מיר פערשטעהען—

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס לעבען איז מערקווירדיג.

(דער טעלעגראַף קלאַפּט).

ק ו ר ט. וואָס איז דאָס ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס איז נור אַ צייט־בעשטימונג.

ק ו ר ט. געפינט זיך ביי אייך ניט קיין טעלעפאָן ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ, אין קיך. אָבער מיר בענוצען זיך מיט׳ן טעלעגראַף, ווייל דאָס טעלעפאָן־מיידעל דערצעהלט אַלעס אָפּ וואָס מען רעדט.

ק ו ר ט. דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען דאָ אַרום ים מוז זיין אַ שרעקליכעס.

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ, ס׳איז שרעקליך. דאָס גאַנצע לעבען איז שרעקליך—און זאָג, דו וואָס גלויבסט אין אַ פּאַרזעצענדעס לעבען, ווי מיינסטו, וועט חאָטש נאָכהער דאָרט זיין פריעדען ?

ק ו ר ט. דאָרט וועט מסתמא אויך זיין שטורמס און מלחמות.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָרט אויך — ווען דאָרט איז אויך אַזוי, איז שוין בעסער אין גאַנצען פערניכטעט צו ווערען.

ק ו ר ט. ביזטו זיכער אַז די פערניכטונג וועט קומען אָהן שמערצען ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך וועל שטאַרבען פּלוצלונג, אָהן שמערצען.

ק ו ר ט. דו ווייסט דאָס ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ, איך ווייס עס.

ק ו ר ט. ווי עס שיינט, ביזטו ניט צופריעדען מיט דיין לעבען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (זיפצט) צופריעדען ? איך וועל שוין זיין צופריעדען דעם טאָג ווען איך וועל שטאַרבען.

ק ו ר ט. (הויבט זיך אויף) דאָס קענסטו ניט וויסען ! — אָבער זאָג מיר נור, וואָס טהוט זיך דאָ אין הויז ? וואָס איז דאָ גע־

שעהן ? עס פיהלט זיך דאָ א ריח פון גיפטיגע טאַפּעטען, אזוי אז מען ווערט קראַנק באַלד ביים אריינקומען אהער. איך וואָלט ליעבערסט אוועק פון דאַנען ווען איך וואָלט ניט געוועזן פער־שפּראָכען אַליסע׳ן דאָ צו בלייבען. עס מוז זיך דאָ געפינען טויטע קערפּערס אונטער דער פּאָדלאָגע, און דאָס פּלאַץ איז דאָ אזוי אָנ־געפילט מיט האַס אז מען קען קוים אָטהעמען.

קאַפּיטאַן. ((זינקט צוזאַמען און קוקט שטאַר פאַר זיך).

קורט. וואָס איז מיט דיר, עדגאַר ?

קאַפּיטאַן. (אונבעוועגליך).

קורט. (קלאַפּט איהם איבער׳ן שולטער) עדגאַר ! עדגאַר !

קאַפּיטאַן. (קומט ביסלעכווייז צוריק צום זינען) דו זאָגסט עפּעס ? (קוקט זיך אַרום) איך האָב געדענקט, ס׳איז געוועזן... אַלי־סע... אָך, אזוי, דו ביזט עס — הער נור — (פאַלט ווידער צוזאַמען).

קורט. דאָס איז שרעקליך (געהט צו צו דער רעכטער זייט טיהר און עפענט זי) אַליסע !

אליסע. (קומט אַריין אָנגעטהאָן אין אַ קיך־פאַרטוך) וואָס איז?

קורט. איך ווייס ניט. גיב נור אַ קוק אויף איהם.

אליסע. (רוהיג) ער ווערט אזוי אָפטמאָל... איך וועל איהם עפּעס שפּיעלען וועט ער באַלד ערוואַכען.

קורט. ניין, ניט אויף אזאַ אַרט ! — לאָז דאָס צו מיר ! הערט ער ? זעהט ער ?

אליסע. יעצט הערט ער ניט און זעהט ניט.

קורט. און דאָס קענסטו זאָגען אזוי רוהיג ? אַליסע, וואָס קומט דאָ פאַר צווישען אייך ביידען ?

אליסע. פרעג איהם דאָרט.

קורט. איהם דאָרט ?... ער איז דאָך דיין מאַן !

אליסע. ער איז מיר אַ פרעמדער... אזוי פרעמד, גראַדע ווי מיט פינף־און־צוואַנציג יאָהר צוריק... איך ווייס פון דיעזען מאַן גאָרניט... גאָרניט, מעהר ווי...

קורט. שש... ער קען דיך נאָך הערען !

אליסע. איצט הערט ער ניט.

(עס הערט זיך אַ טרומפּייט־סיגנאַל אין דרויסען).

קאַפּיטאַן. (שפּרינגט אויף, כאַפּט זיין זעבעל און זיין

יוניפאָרם־מיץ) פערציייהעט! איך דאַרף נור רעווידירען די פּאָס־טען. (אָב דורך די הינטער־גרונד־טיהר).

ק ו ר ט. איז ער קראַנק?

א ל י ס ע. איך ווייס ניט.

ק ו ר ט. איז ער ניט ביים זינען?

א ל י ס ע. איך ווייס ניט.

ק ו ר ט. טרינקט ער?

א ל י ס ע. ער בעריהמט זיך מעהר וויפיעל ער טרינקט.

ק ו ר ט. זעץ דיך און דערצעהל מיר אַלעס, אָבער רוהיג און וואַרהאַפטיג.

א ל י ס ע. (זעצט זיך) וואָס זאָל איך דערצעהלען? אז איך בין דאָ אָבגעזעסען מיינע בעסטע יאָהרען אין טהורם. איינגע־שלאָסען, בעוואַכט פון א מאַן וועלכען איך האָב אימער געהאַסט, און האָס נאָך יעצט אָהן א צאָהל, און אז דעם טאָג וואָס ער וועט שטאַרבען, וועל איך אַזוי הויך לאַכען אז די לופט וועט פערהילכט ווערען.

ק ו ר ט. וואָרום האָט איהר זיך ניט געשיעדען?

א ל י ס ע. וואָס פאַר א פראַגע! ווען מיר זיינען נאָך חתן־כלה געוועזען האָבען מיר זיך צוויי מאָל צושיידט און זייט יענער צייט האָבען מיר געזוכט די געלעגענהייט צו שיידען זיך יעדען טאָג... אָבער מיר זיינען צוזאַמענגעשמיעדט און מיר קענען זיך פון די קייטען ניט בעפרייען. אַמאָל זיינען מיר שוין געוועזען גע־שיידט — אין דעם זעלבען הויז — גאַנצע פינף יאָהר. יעצט אָבער קען אונז נאָר דער טויט צושיידען. דאָס ווייסען מיר, און דערפאַר וואַרטען מיר אויף איהם אַלס אונזער בעפרייער.

ק ו ר ט. וואָרום ביזטו אַזוי איינזאַם?

א ל י ס ע. ווייל ער האָט מיך ערווייטערט פון אַלעס. צוערשט האָט ער פון אונזער הויז אויסגעראָטען אַלע מיינע שוועסטער און ברידער, דאַן מיינע פריינדינעס און אַלע אַנדערע...

ק ו ר ט. אָבער זיינע קרובים? זיי האָסטו אויסגעראָטען?

א ל י ס ע. יא, ווייל זיי האָבען זיך פערלעגט מיר צו רויבען דאָס לעבען נאָכהער ווי זיי האָבען שוין געהאַט גערויבט מיין עהרע און מיין נאָמען. מיין פערבינדונג מיט דער שטאָדט און מיט

מענשען האָב איך געמוזט אויפהאַלטען דורכ'ן טעלעגראַף — ווייל דער טעלעפאָן איז געווען בעוואַכט פון דער מיידעל — דאָס טעלעגראַפירען האָב איך זיך אַליין אויסגעלערענט, ער ווייסט ניט דערפון, און דו זאָלסט אויך צו איהם דערפון גאָר ניט ריידען, ווייל ווען ער זאָל זיך דאָס דערוויסען, וועט ער מיך דער'הרג'ענען.

קורט. שרעקליך! שרעקליך!... אָבער וואָרום האַלט ער מיך אַלס דער שולדיגער אין אייער הייראַטה? לאָז מיר, וועל איך דיר דערצעהלען ווי עס איז געווען!... ערגאָר איז געווען מיין יוגענד־פריינד. ווען ער האָט דיך דאָס ערשטע מאָל דערזעהן, האָט ער זיך פערליעבט אין דיר, ער איז דאַן געקומען צו מיר און האָט מיך געבעטען אז איך זאָל זיין דער פערמיטלער, האָב איך איהם באַלד געענטפערט: ניין! און — מיין ליעבע אַליסע, איך האָב געקענט דיין טיראַנישע און גרויזאַמע נאַטור, דאַרום האָב איך איהם געוואָרענט — אָבער אז איך האָב געזעהן אז ער וויל זיך פון מיר ניט אָפּטשעפּען, האָב איך איהם געשיקט צו דיין ברודער, ער זאָל איהם בעטען אז ער זאָל זיין דער שדכן צווישען אייך.

אליסע. איך גלויב דיר, אָבער ער האָט זיך דאָס איינגערעדט די גאַנצע צייט און ס'קען זיך איהם שוין אַנדערש ניט גלויבען.

קורט. נאַ, ווען דאָס קען נור אַביסעל לינדערן זיינע שמערצען, זאָל ער מיך בעשולדיגען.

אליסע. אָבער דאָס איז דאָך צופיעל...

קורט. איך בין שוין געוואוינט דערצו... אָבער וואָס מיר טהוט יא וועה, איז זיין אונגערעכטע בעשולדיגונג, אז איך האָב פערלאָזען מיינע קינדער...

אליסע. אַזוי איז ער. ער זאָגט וואָס ער דענקט, און דאַן גלויבט ער אין דעם. אָבער ווי עס צייגט אויס, ליעבט ער דיך מעהר ווי אַלעמען, ווייל דו ווידערשפּרעכסט איהם ניט... פערזוך יעצט ניט מיעד צו ווערען פון אונז. איך גלויב דו ביזט יעצט צו אונז געקומען אין אַ גליקליכער שעה, איך נעהם עס אָן אַלס אַ נס פון הימעל... קורט, דו טאָרסט ניט מיעד ווערען פון אונז, דען מיר זיינען אָהן צווייפעל די אונגליקליכסטע מענשען אין דער וועלט. (זי וויינט).

ק ו ר ט. איך האָב געזעהן אַ פאַמיליען־לעבען וועלכעס **איז** געווען זעהר שרעקליך, אָבער אייער׳ס, ווייזט אויס, איז נאָך שרעק־ליכער.

אַ ל י ס ע. דענקסטו אַזוי ?

ק ו ר ט. יאָ.

אַ ל י ס ע. וועמענס שולד איז דאָס ?

ק ו ר ט. אַליסע ! אין דעם זעלבען אויגענבליק ווען דו וועסט אויפהערען צו פרעגען וועמענס שולד עס איז, וועסטו דער־פיהלען אַן ערלייכטערונג. פערזוך עס צו נעהמען אַלס אַ פאַקט, אַ פּראָבע וואָס מוז איבערגעטראָגען ווערען...

אַ ל י ס ע. דאָס קען איך ניט. דאָס איז צופיעל. (הויבט זיך אויף) ס׳איז דערצו קיין הילפע ניטאָ !

ק ו ר ט. איך בעדויער אייך ביידען... ווייסטו, וואָרום איהר האַסט אייך ?

אַ ל י ס ע. ניין, ס׳איז אַן אונפערנינפטיגער האַס, אָהן אַ גרונד, אָהן אַ צוועק, אָבער אויך אָהן אַן ענדע. און ווייסטו פאַר וואָס ער האָט אַזוי מורא פאַר׳ן טויט ? ער האָט מורא איך זאָל נאָכהער ווידער ניט הייראַטהען.

ק ו ר ט. דאַן ליעבט ער דיך.

אַ ל י ס ע. וואַהרשיינליך, אָבער דאָס האַלט איהם ניט צוריק מיך צו האַסען.

ק ו ר ט. (ווי פאַר זיך) דאָס ווערט אָנגערופען ליעבעס־האַס און עס קומט פונ׳ם אָבגרונד... ליעבט ער צו הערען ווען דו שפּיעלסט פאַר איהם ?...

אַ ל י ס ע. יאָ, אָבער נור העסליכע מעלאָדיען... צום ביי־שפּיעל, די שווידערהאַפטע מעלאָדיע „דעם איינצוג פון די באָיאַרען", ווען ער דערהערט זי, פערליערט ער זיין זינען און וויל נור טאַנצען.

ק ו ר ט. טאַנצט ער ?

אַ ל י ס ע. צייטענווייז איז ער זעהר נאַריש.

ק ו ר ט. נאָך איינס... פערצייה מיין פרעגען... וואו זיינען די קינדער ?

אַ ל י ס ע. דו ווייסט פיעלייכט ניט אַז צוויי זיינען גע־שטאָרבען ?

ק ו ר ט. אויך דאָס האָסטו געמוזט דורכלעבען?

אַ ל י ס ע. וואָס האָב איך דען שוין ניט דורכגעלעבט?

ק ו ר ט. אָבער די אַנדערע צוויי?

אַ ל י ס ע. די אַנדערע צוויי זיינען אין שטאָדט. זיי האָבען אין הויז ניט געקענט זיין ווייל ער האָט זיי געדייצט געגען מיר.

ק ו ר ט. און דו געגען איהם?

אַ ל י ס ע. נאַטירליך. און אַזוי האָט זיך אָנגעפאַנגען צו בילדען פּאַרטייען, שטימען זיינען געקויפט געוואָרען, כאַבאַר איז געגעבען געוואָרען, און אום די קינדער ניט צו רואינירען, האָבען מיר זיך געמוזט שיידען פון זיי. וואָס עס האָט געזאָלט זיין דאָס באַנד פון איינינקייט, איז געוואָרען די אונאיינינקייט, וואָס ס'האָט געזאָלט זיין די ברכה פון הויז איז געוואָרען די קללה... יאָ, ציי־טענווייז גלויב איך אַז מיר געהערען צו אַ פערשאָלטענעם גע־שלעכט.

ק ו ר ט. יאָ, זייט פון דעם זינדען־פאַל.

אַ ל י ס ע. (מיט אַ גיפטיגען בליק און מיט אַ שאַרפע שטימע) וועלכער זינדען־פאַל?

ק ו ר ט. דער פון אונזערע ערשטע עלטערן.

אַ ל י ס ע. אָך, אַזוי! איך האָב געמיינט אַז דו מיינסט עפּעס אַנדערש.

(פערלעגענדעס שווייגען).

אַ ל י ס ע. (מיט צוזאַמענגעלעגטע הענד) קורט! מיין שוועס־טער־קינד! מיין יוגענד־פריינד! איך בין צו דיר ניט אימער געוועזן ווי איך האָב בעדאַרפט צו זיין, אָבער יעצט בין איך בע־שטראָפט, און דו האָסט דיין ראַכע.

ק ו ר ט. וואָס פאַר אַ ראַכע. דאָ איז ניט די רייד פון ראַכע נעהמען.

אַ ל י ס ע. עראינערסטו זיך אין אַ זונטאג ווען דו ביזט געוועזן פערלאָבט—און איך האָב אייך איינגעלאַדען פאַר אַ מאָל־צייט?

ק ו ר ט. צו וואָס ריידען דערפון?

אַ ל י ס ע. ניין, איך מוז ריידען! האָב רחמנות!... און ווען איהר זייט געקומען צום מאָל־צייט, זיינען מיר געוועזן אוועק און איהר האָט אייך געמוזט אומקעהרען.

קורט. איהר זייט דאָך אַליין דאַמאָלס געווען ערגעץ איינ־געלאַדען, וואָס לוינט זיך צו ריידען?

אליסע. קורט, ווען איך האָב דיך היינט איינגעלאַדען צו וועטשערע... האָב איך געמיינט אז עס געפינט זיך נאָך עפּעס אין שפּייז־קאַמער (פּערדעקט דעם פּנים מיט ביידע הענד) אָבער, ס'איז קיין זאַך ניטאָ. אפילו אַ שטיקעל ברויט אויך ניט!...

קורט. (וויינט) אָרימע, אָרימע אליסע!

אליסע. אָבער ווען ער קומט און וויל עפּעס עסען, און ווען עס איז ניטאָ... דאַן ווערט ער בייז... דו האָסט איהם נאָך קיינמאָל ניט געזעהן בייז... אָה, גאָט! דיעזע ערניעדערונג!

קורט. ווילסטו פיעלייכט מיר ניט לאָזען געהן עפּעס פּער־זאָרגען?

אליסע. דאָ אויפ'ן אינזעל איז קיין זאַך ניט צו קריגען.

קורט. ניט פּאַר מיינעט וועגען, אָבער פּאַר דיר און פּאַר איהם... לאָמיך עפּעס אויסקלעהרען, עפּעס... אָבער מיר מוזען דאָס איינאָרדנען אזוי אז די זאַך זאָל אויסזעהן שפּאַסהאַפט ווען ער וועט אריינקומען... איך וועל איהם פאָרשלאָגען אז מיר זאָלען עפּעס טרינקען, און וועהרענד דער צייט וועל איך שוין עפּעס אויסקלעהרען... מאַך איהם היינט פרעהליך, שפּיעל איהם עפּעס אַ נאַרישקייט... זעץ זיך ביי דער פּיאַנאָ און מאַך זיך בערייט —

אליסע. קוק אַן מיינע הענד—אויב מען קען מיט זיי שפּיע־לען. איך מוז גלעזער וואַשען, מעש שייערען, הייצען, אויפראַמען...

קורט. אָבער איהר האָט דאָך צוויי דיענסטען?

אליסע. דאָס מוז אזוי הייסען, ווייל ער איז אַן אָפּיציער. די דיענסטען האַלטען זיך ביי אונז קיינמאָל ניט לאַנג. מיר זיינען כמעט מעהרסטענטהיילס אָן אַ דיענסט. —און וואָס פּאַר אַ ראַטה קען איך זיך געבען מיט דער היינטיגער וועטשערע? אַך, ווען דאָס הויז זאָל נור פערברענט ווערען!

קורט. וואָס רעדסטו, אליסע? זאָג דאָס ניט!

אליסע. אַך, ווען דער ים זאָל נור ארויס פון די ברעגעס און אונז מיטשלעפּען!

קורט. ניין, ניין, ניין! איך קען דאָס ניט הערען!

א ל י ס ע. וואָס וועט ער זאָגען ? וואָס וועט ער זאָגען ?... געה ניט, קורט, געה ניט אוועק פון מיר.

ק ו ר ט. ניין, אַליסע, איך וועל ניט געהן.

א ל י ס ע. אָבער ווען דו וועסט האָבען אוועקגעגאַנגען —

ק ו ר ט. האָט ער דיך אַמאָל געשלאָגען ?

א ל י ס ע. מיך ? אָה, ניין ! ווייל ער ווייסט אז דאַן וועל איך פון איהם אוועק. עפּעס שטאָלצקייט מוז מען דאָך האָבען.

(פון דרויסען הערט מען : „האַלט ! ווער געהט דאָרט ? — פריינד !")

ק ו ר ט. (הויבט זיך אויף) איז ער דאָס ?

א ל י ס ע. (דערשראָקען) אַ, דאָס איז ער. (פּויזע).

ק ו ר ט. און וואָס זאָלען מיר יעצט טהאָן ?

א ל י ס ע. איך וויים ניט ! איך וויים ניט !

ק א פּ י ט א ן. (קומט פון הינטער־גרונד, מונטער) נו, יעצט איז מען שוין פריי !... נו, האָט זי געהאַט גענוג צייט זיך צו בעקלאָגען ? איז זי ניט אונגליקליך ? וואָס ?

ק ו ר ט. ווי איז דער וועטער אין דרויסען ?

ק א פּ י ט א ן. אָה, ס'איז כמעט אַ שטורם !... (עפּענט שפּאַסיג אָביסעל אויף די טיהר) ריטער בלובערט זיצט מיט דער יונג־פרוי אין טהורם, און אין דרויסען געהט די וואַך מיט אַרויס־געצויגענע זעבלען און בעוואַכען די שעהנע יונג־פרוי, — און דאַן קומען די ברידער, אָבער די וואַך געהט דאָרט, גיט נאָר אַ קוק אויף איהם ווי ער געהט מיט'ן טאַקט, דאָס איז אַ גוטער וואַכמאַן. זעהט נור (ער זינגט זיך אונטער) מעלי, טאַם, טאַם, טאַ ! אַליסע, לאָמיר טאַנצען אונזער קאַדריל, קורט מוז דאָס אונז זעהן טאַנצען !

ק ו ר ט. ניין, אַנשטאָדט דעם זאָל בעסער אַליסע שפּיעלען „דעם איינצוג פון די באָיאַרען".

ק א פּ י ט א ן. איז דאָס דיר בעקאַנט, האַ ? אַליסע ! אַ נו, קום נור, זעץ דיך שפּיעלען אין קיך־פּאַרטוך ! קום זאָג איך !

א ל י ס ע. (געהט ניט־ווילענדיג צו דער פּיאַנאָ).

ק א פּ י ט א ן. (קנייפּט איהר אַרם) יעצט האָסטו שוין אויף מיר אָנגערעדט.

א ל י ס ע. איך ?

ק ו ר ט. (דרעהט זיך אַוועק פון זיי).

אַ ל י ס ע. (שפּיעלט דעם אַיינצוג פון די באַיאַרען".)

ק אַ פּ י ט אַ ן. (פיגורירט איין אַרט אונגאַרישען טאַנץ, טאַנצט צו ביז הינטער'ן שרייב־טיש קלאַפּענדיג דערביי מיט די שפּאָרען, דאַן זינקט ער אַרונטער אויפ'ן באָדען ניט בעמערקענדיג פון אַליסע'ן און קורט'ן — זי שפּיעלט דאָס שטיק ביז ענדע).

אַ ל י ס ע. (ניט אומדרעהענדיג זיך) זאָל איך עס שפּיעלען נאָך אַמאָל ?

(שווייגען).

אַ ל י ס ע. (דרעהט זיך אום און זעהט דעם קאַפּיטאַן ליעגען בעוואוסטלאָז הינטער'ן שרייב־טיש) יעזוס ! (זי בלייבט שטעהן, די הענד איבערגעקרייצט איבער דער ברוסט, און לאָזט אַרויס אַ דאַנקבאַרען זיפץ פול מיט ערלייכטערונג).

ק ו ר ט. (ווענדעט זיך אום, און לויפט צו, צום קאַפּיטאַן) וואָס איז ? וואָס איז ?

אַ ל י ס ע (אין העכסטער שפּאַנונג) איז ער טויט ? —

ק ו ר ט. איך וויים ניט. העלף מיר !

אַ ל י ס ע. (בלייבט שטעהן) איך, איך קען זיך צו איהם ניט צוריהרען... איז ער טויט ?

ק ו ר ט. ניין, ער לעבט.

אַ ל י ס ע. (זיפצט).

ק ו ר ט. (העלפט דעם קאַפּיטאַן, וועלכער הויבט זיך אויף און זעצט זיך אין אַ שטוהל).

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָס איז דאָ געווען ? (שווייגען) וואָס איז דאָ געווען ?

ק ו ר ט. דו ביזט אַנידער געפאַלען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. האָט עפּעס פּאַסירט ?

ק ו ר ט. דו ביזט געפאַלען אויפ'ן באָדען. ווי פיהלסטו זיך יעצט ? —

ק אַ פּ י ט אַ ן. מיט מיר איז גאָרניט. איך וויים פון גאָרניט. וואָס קוקט איהר אויף מיר אַזוי ?

ק ו ר ט. דו ביזט קראַנק, עדגאַר ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. הע, וואָס רעדסטו פאַר אַ נאַרישקייטען ?

שפּיעל, אַליסע ... אַה, יעצט איז עס ווידער דאָ (כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ).

אַ ל י ס ע. זעהסט, אַז דו ביזט קראַנק ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. שריי ניט ס'איז בלויז אַן אָנמאַכט !

ק ו ר ט. מען דאַרף רופען אַ דאָקטאָר. איך געה איהם רופען דורכ'ן טעלעפאָן —

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך וויל ניט קיין דאָקטאָר ! מען דאַרף ניט !

ק ו ר ט. דו מוזט האָבען אַ דאָקטאָר ! מיר מוזען איהם רופען צוליעב אונז, ווען ניט וועט מען אונז נאָכהער האַלטען פערר־אַנטוואָרטליך דאַפיר...

ק אַ פּ י ט אַ ן. אויב ער וועט קומען, וועל איך איהם אַרויס־יאָגען !... איך וועל איהם שיסען ! אַה, יעצט איז עס ווידער דאָ ! (כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ).

ק ו ר ט. (געהט צו דער טיהר רעכטס) יעצט געה איך טעלע־פאָנירען (אָב).

(אַליסע טהוט אויס דעם פאַרטוך).

ק אַ פּ י ט אַ ן. ווילסטו מיר ניט געבען אַ גלאָז וואַסער ?

אַ ל י ס ע. איך בין דאָך דאָס געצוואונגען צו טהאָן. (גיט איהם אַ גלאָז וואַסער).

ק אַ פּ י ט אַ ן. ווי ליעבענסווירדיג !

אַ ל י ס ע. ביזטו קראַנק ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. פערצייהע מיר וואָס איך פיהל ניט גוט.

אַ ל י ס ע. ווילסטו דען איך זאָל אַכטונג געבען אויף דיר ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו וועסט דאָך דאָס ניט וועלען.

אַ ל י ס ע. ניין. דאָס קענסטו זיכער זיין !

ק אַ פּ י ט אַ ן. ענדליך איז די שטונדע געקומען אויף וועל־כער דו האָסט אַזוי לאַנג געוואַרט.

אַ ל י ס ע. דו האָסט דאָך געגלויבט אַז די שטונדע וועט קיינ־מאָל ניט קומען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. זיי ניט בייז אויף מיר.

ק ו ר ט. (פון רעכטס) ס'איז טרויעריג...

אַ ל י ס ע. וואָס האָט דער דאָקטאָר געזאָגט ?

ק ו ר ט. ער האָט גאָר ניט געוואָלט ענטפערען.

א ל י ס ע. (צום קאפיטאן) נו, זעהסט שוין די פאלגען פון דיין גרענעצלאזען שטאלץ ?

ק א פ י ט א ן. איך גלויב מיר ווערט ערגער... פּרובירט רופען א דאקטאר פון שטאדט.

א ל י ס ע. (געהט צו צום טעלעגראף) מיר ווען דאס טהאן פער טעלעגראף.

ק א פ י ט א ן. (הויבט זיך האלב אויף פון שטוהל) קענסטו... טעלעגראפירען ?

א ל י ס ע. (טעלעגראפירט) יא. איך קען...

ק א פ י ט א ן. א—אזוי ?... נא, טע—לע—גרא—פיר !... ווי פאלש—ש זי איז ! (צו קורט'ן) קום אהער און זעץ זיך נעבען מיר.

(קורט זעצט זיך נעבען קאפיטאן).

ק א פ י ט א ן. האלט מיך ביים האנד ! איך זיץ און פאל.— קענסטו זיך עס פארשטעלען ? עפעס ווי ארונטער, ווי מאדנע.

ק ו ר ט. האסטו שוין אמאל געהאט אזא מין אנפאל ?

ק א פ י ט א ן. קיינמאל....

ק ו ר ט. וועהרענד מיר ווארטען דא פאר אן ענטפער פון שטאדט וועל איך אריבערגעהן צום דאקטאר און מיט איהם רעדען. האט ער דיך שוין אמאל בעהאנדעלט ?

ק א פ י ט א ן. יא.

ק ו ר ט. דאן ווייסט ער וואס דיר פעהלט (געהט אב לינקס).

א ל י ס ע. ס'וועט באלד זיין אן אנטוואָרט. דאס איז זעהר פיין פון דיר, קורט ! אבער קום באלד צוריק.

ק ו ר ט. כ'וועל צוריק קומען אזוי שנעל ווי מעגליך.

(ער געהט אב).

ק א פ י ט א ן. קורט איז זעהר גוט, און ווי ער האט זיך פערענדערט !

א ל י ס ע. יא. און איך בעדויער איהם וואס ער האט גראדע יעצט בעדארפט צו אונז אריינפאלען. יעצט, ווען אונזער עלענד איז אזוי גרוים.

ק א פ י ט א ן. אבער פאר אונז איז דאס א גליק !... איך וואלט אייגענטליך וועלען וויסען ווי געהט עס איהם. האסטו בע־מערקט ווי ער האט ניט געוואלט ריידען פון זיינע פערהעלטניסע ?

א ל י ס ע. איך האָב עס בעמערקט. אָבער איך גלויב אַז קיינער האָט עס גאָר פון איהם ניט פערלאַנגט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. שטעל זיך נור פאָר זיין לעבען... און אונזערס ! איך וואָלט וועלען וויסען, אויב דאָס לעבען איז אַזוי פאַר אַלע מענשען ?

א ל י ס ע. ס'קען זיין יא. כאָטש זיי ריידען דערפון ניט ווי מיר ריידען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. צייטענווייז האָב איך געגלויבט אַז עלענד ציהט צו זיך עלענד, און די גליקליכע היטען זיך אויס פון יעדען אונגליק, און דארום וועלען מיר קיינמאָל ניט זעהן קיין אַנדער זאַך ווי עלענד.

א ל י ס ע. איז דיר בעקאַנט אַ גליקליכע פאַמיליע ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. אַ גליקליכע פאַמיליע ?... ניין... דאָך, די עקמאַרקס.

א ל י ס ע. די עקמאַרקס ? די פרוי האָט דאָך געהאַט ערשט ניט לאַנג אַן אָפּעראַציע...

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס איז אמת. אויב אַזוי, ווייס איך ניט — יא, די פאָן קרעפּטס.

א ל י ס ע. יא, די גאַנצע פאַמיליע האָט געלעבט אַן אידעאַלעס לעבען. זיי זיינען געווען רייך, יעדער האָט זיי רעספּעקטירט, זיי האָבען געהאַט וואוילע קינדער, זיי גוט פערהייראַטה און אַזוי איז זיי געגאַנגען ביז צום פופציגסטען יאָהר. דאַן איז געקומען זייערע אַ קוזינע און איז בעגאַנגען אַ פערברעכען וואָס האָט זיך געענדיגט מיט געפענגניס און אַזוי ווייטער, און אַזוי האָט גענומען אַ סוף צו זייער פריעדליכען לעבען. דער פאַמיליען־נאָמען איז געוואָרען בעשמוצט און ענטעהרט אין אַלע צייטונגען... דער פאָן קראַפּט פּראָצעס האָט געמאַכט אונמעגליך פאַר דער פאַמיליע זיך צו צייגען אין דער עפענטליכקייט. די קינדער האָבען זיי געמוזט ארויסנעהמען פון דער שוהלע... אָה גאָט !

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך וואָלט געוואָלט וויסען וואָס פאַר אַ קראַנקהייט איך האָב.

א ל י ס ע. וואָס פאַר'אַ דענקסטו ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס האַרץ אָדער דער קאָפּ. ווייל־ווייז צייגע

זיך מיר אוים ווי מיין נשמה וואָלט געוואָלט ארויספליהען און זיך צושפרייטען ווי א רויך.

א ל י ס ע. אפעטיט האסטו ?

ק א פ י ט א ן. יא, וואָס הערט זיך מיט דער ווערשערע ?

א ל י ס ע. (געהט אונרוהיג דורכ'ן צימער) איך וועל פרעגען ביי זשעני.

ק א פ י ט א ן. זשעני איז דאָך אוועק.

א ל י ס ע. יא, יא, יא.

ק א פ י ט א ן. קלינג נאָך קריסטל'ן, וועט זי מיר געבען א פרישען טרונק וואסער.

א ל י ס ע. (קלינגט) וואָס איז דאָס... (קלינגט ווידער) זי הערט ניט.

ק א פ י ט א ן. געה ארוים און זעה וואָס דאָרט טהוט זיך... פיעלייכט איז זי אויך אוועק.

א ל י ס ע. (געהט און עפענט די טיהר לינקס) וואָס איז דאָס ? איהר קופערט שטעהט געפּאקט אין קאָרידאָר !

ק א פ י ט א ן. אויב אזוי, איז זי אויך אוועק.

א ל י ס ע. דאָס איז א גיהנום !... (ברעכט אוים אין א געוויין, וואַרפט זיך שלוכצענד אויף די קניע און לעגט איהר קאָפּ אויף א שטוהל).

ק א פ י ט א ן. און אלם אויף איינמאָל !... און גראָד אין אזא צייט האָט נאָך געדאַרפט קורט קומען און זעהן אונזער עלענד, וואָס פאר א שאנדע !

א ל י ס ע. אָה, ווייסטו וואָס איך פערדעכטיג ? — קורט וועט ניט צוריק קומען.

ק א פ י ט א ן. אויף איהם קען איך דאָס גלויבען.

א ל י ס ע. יא, מיר זיינען פערשאָלטען —

ק א פ י ט א ן. וואָס הייסט דאָס ?

א ל י ס ע. זעהסטו דען ניט, אז אלע ווייכען אונז אוים ? —

ק א פ י ט א ן. דאָס ארט מיך ווי דער נעכטיגער טאָג (דער טעלעגראף קלאפט) דאָס איז דער אנטוואָרט. שטיל, איך הער עם ! — קיינער האָט קיין צייט ניט. זיי דרעהען זיך ארוים מיט תירוצים ! — די ליידאקעס !

אַ ל י ס ע. דאָס איז דערפֿאַר, ווייל דו האָסט דיינע דאָקטוירים שטענדיג פֿערזאַכטעט — און זיי קיינמאָל בעצאָהלט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין, דאָס איז ניט אמת.

אַ ל י ס ע. אפילו ווען דו זאָלסט זיין אימשטאַנדע וואָלסטו זיי אויך ניט בעצאָהלט, ווייל זייער ארבייט האָט דאָך ביי דיר גאָר קיין ווערטה, פּונקט ווי מיין ארבייט, און יעדען אַנדערענס האָט פֿאַר דיר קיין ווערטה ניט !... זיי וועלען ניט קומען ! און דער טעלעפֿאָן איז אויך אָפּגעשניטען, ווייל דו האָסט איהם גע־האַלטען גלייך ווי עס וואָלט גאָר קיין ווערדע געהאַט. קיין זאַך האָט ביי דיר קיין ווערטה ניט, אַ חוץ דיינע געוועהר און קאַנאָנען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ש־ש־ש ! האָסט זיך שוין אַוועקגעשטעלט ריידען דיינע נאַרישע רייד ?...

אַ ל י ס ע. אַלעס האָט אָנגעפֿאַנגען געהן אויף צוריק !

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אַבערגלויבען ?... אַזוי ריידען אַלטע ווייבער.

אַ ל י ס ע. דו וועסט שוין זעהן !... ווייסטו כאָטש אַז מיר זיינען קריסטעל'ן שולדיג פֿאַר זעקס מאָנאַטען וואָס זי האָט ביי אונז געדיענט ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. זי האָט מעהר גע'גנב'ט וויפֿיעל איהרע זעקס מאָנאַטען בעטרעפֿען.

אַ ל י ס ע. אָבער איך האָב אַ חוץ דעם ביי איהר געליהען באַארעס געלד.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס גלויב איך דיר.

אַ ל י ס ע. ווי אונדאַנקבאַר דו ביזט ! דו ווייסט דאָך אַז איך האָב דאָס געלד געליהען פֿאַר די קינדער, זיי זאָלען האָבען מיט וואָס צו פֿאָהרען אין שטאָדט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. קורט איז זעהר שעהן צוריקגעקומען ! ר'איז אויך אַ שורקע, און אַ פּייגלינג ! וואַגט ניט צו זאָגען אַז מיר לאַנגווייליגען איהם, און אַז אויפ'ן דאָקטאָר'ס באַל וואָלט ער פֿיעל אַנגענעהמער פֿערבראַכט... ער איז דערזעלבער שופֿט ווי געווען !

ק ו ר ט. (קומט שנעל אַריין) יאַ, מיין ליעבער עדגאַר ! דער דאָקטאָר קען דיין האַרץ אויף אויסוועניג...

ק אַ פּ י ט אַ ן. מיין האַרץ ?

ק ו ר ט. יאָ. דו ליידסט שוין לאַנג פון אַ האַרץ־קראַנקהייט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. איז עס געפעהרליך ?

ק ו ר ט. דאָס הייסט...

ק אַ פּ י ט אַ ן. עס איז געפעהרליך.

ק ו ר ט. יאָ —

ק אַ פּ י ט אַ ן. דער טויט !...

ק ו ר ט. דו מוזט זיך אָפּהיטען פון אַ סך זאַכען, צוערשט : וואַרף אַוועק דעם ציגאַר !

(קאַפּיטאַן וואַרפט אַוועק דעם ציגאַר).

ק ו ר ט. און דו טאָרסט אויך ניט טרינקען קיין בראַנפען !... און מוזט ליגען אין בעט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (דערשראָקען) ניין, דאָס וויל איך ניט ! ניט אין בעט ! דאָס איז שוין די ענדע ! דאַן שטעהט מען שוין קיינמאָל מעהר ניט אויף ! איך וועל זיך לעגען היינט ביינאַכט אויף דער סאָפע ! — וואָס נאָך זאָגט ער ?

ק ו ר ט. ער איז געווען זעהר פריינדליך, און ער האָט ערקלעהרט אַז ער איז בערייט צו קומען ווען דו זאָלסט איהם נור רופען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ער איז געווען פריינדליך, דער היפּאָקריט ? איך וויל איהם ניט זעהן ! אָבער עסען מעג איך דאָך ?

ק ו ר ט. היינט אָבענד נישט, און אין די קומענדע פּאָאר טעג קיין אַנדער זאַך ווי מילך.

ק אַ פּ י ט אַ ן. מילך ? דאָס קען איך אין מויל ניט נעמען !

ק ו ר ט. מוזט זיך אויסלערנען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך בין שוין צו אַלט זיך דאָס אויסצולערנען. (כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ) אָה, יעצט איז עס ווידער ! (ער בלייבט זיצען קוקענדיג שטאַר פאַר זיך).

אַ ל י ס ע. וואָס האָט דער דאָקטאָר דיר געזאָגט, קורט ?

ק ו ר ט. אַז ער קען שטאַרבען.

אַ ל י ס ע. געלויבט ביזטו, גאָט !

ק ו ר ט. היט דיך, אַליסע, היט דיך !... און יעצט גהע ברענג אַריין אַ קישען מיט אַ דעק. איך וועל איהם אַוועקלעגען אויף דער סאָפע און זיצען נעבען איהם די גאַנצע נאַכט.

אַ ל י ס ע. און איך ?

ק ו ר ט. דו וועסט זיך גען לעגן. דיין געגענוואַרט צייגט אוים מאַכט ערגער זיין צושטאַנד.

אַ ל י ס ע. בעפעהל און איך וועל געהאָרכען, ווייל דו מיינסט דאָך דאָס בעסטע פאַר אונזביידען (געהט אָב נאָך לינקס).

ק ו ר ט. געוויס פאַר אײַך ביידען. (ער נעהמט דאָס פלעשעל וואַסער און געהט אָב דורך רעכטס. עס הערט זיך ווי דער ווינד וועהט אין דרויסען.איין זייט טהויער עפענט זיך און אַן אַלטע פרוי פון אָרימען אויסזעהן קומט אַריין).

ק אַ פּ י ט אַ ן. (ערוואַכט, הויבט זיך אויף און קוקט זיך אַרום) אַזוי, זיי האָבען מיך איבערגעלאָזען איינעם אַליין, די שורקען ! (דערזעהט די אַלטע און דערשרעקט זיך פאַר איהר) ווער איז דאָס ? וואָס ווילט איהר ?

ד י אַ ל ט ע . איך האָב נור געוואָלט די טיהר פערמאַכען, גוטער הערר.

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָרום דען ? וואָרום דען ?

ד י אַ ל ט ע. ווייל דער ווינד האָט זי געעפענט גראָד ווען איך בין פערבייגעגאַנגען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו האָסט געוואָלט גנב'ענען.

ד י אַ ל ט ע. אַ סך צו נעהמען דאָ איז זאָ־ווי־זאָ נישטאָ, האָט מיר געזאָגט קריסטעל.

ק אַ פּ י ט אַ ן. קריסטעל ?

ד י אַ ל ט ע. אַ גוטע נאַכט, גוטער הערר און שלאָפט געזונד ! (זי פערמאַכט די טיהר און געהט אַוועק).

(אַליסע קומט פון לינקס מיט אַ קישען און אַ דעקע).

ק אַ פּ י ט אַ ן. ווער איז דאָס געווען ביי דער טיהר ?

אַ ל י ס ע. דאָס איז געווען די אַלטע מאַריע וועלכע האַלט זיך אויף אין הקדש.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ביזטו זיכער אַז זי איז דאָס געווען ?

אַ ל י ס ע. דו האָסט זיך דערשראָקען ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך — דערשראָקען ?

אַ ל י ס ע. ווען דו ווילסט זיך ניט לייגען אין בעט, דאַן לעג זיך דאָ.

ק א פּ י ט א ן. (לעגט זיך אויף דער סאָפאַ). דאָ וועל איך ליגען.
(ער וויל נעהמען איהר האַנד, אָבער זי רייסט זי אַוועק.)
(קורט קומט אַריין מיט'ן פלעשעל וואַסער.)
ק א פּ י ט א ן. קורט, געה ניט אַוועק פון מיר.
ק ו ר ט. איך וועל בלייבען מיט דיר אַ גאַנצע נאַכט, אַליסע וועט געהן שלאָפען.
ק א פּ י ט א ן. אויב אַזוי, אַ גוטע נאַכט, אַליסע !
א ל י ס ע. (צו קורט'ן) אַ גוטע נאַכט, קורט !
ק ו ר ט. אַ גוטע נאַכט !
(קורט נעהמט אַ שטוהל און זעצט זיך נעבען קאַפּיטאַן'ס געלעגער.)
ק ו ר ט. ווילסטו פיעלייכט אויסטהאָן די שטיוועל ?
ק א פּ י ט א ן. ניין, אַ קריגער דאַרף שטענדיג זיין צוגעגרייט.
ק ו ר ט. ערוואַרטעסטו דען אַ קריעג ?
ק א פּ י ט א ן. פיעלייכט ! (הויבט זיך אויף פון בעט) קורט, דו ביזט דער איינציגער מענש וואָס ווייס וואָס ביי מיר אין הארצען קומט פאָר. הער זיך איין... אויב איך וועל היינט ביינאַכט שטאַרבען... גיב אַכטונג אויף מיינע קינדער.
ק ו ר ט. נו, געוויס וועל איך עס טהאָן.
ק א פּ י ט א ן. אַ דאַנק. איך פערלאָז זיך אויף דיר.
ק ו ר ט. קענסטו מיר ערקלעהרען וואָרום דו פערלאָזט זיך אויף מיר ?
ק א פּ י ט א ן. קיין פריינד זיינען מיר ניט געווען, וויל פריינדשאַפט איז אַ זאַך וואָס איך גלויב ניט, אונזערע פאַמיליען זיינען געבוירען געוואָרען שונאים און האָבען אימער געפיהרט קריעג —
ק ו ר ט. און דאָך פערלאָזטו זיך אויף מיר ?
ק א פּ י ט א ן. יאָ. איך ווייס אַליין ניט וואָרום. (שווייגען).
ק א פּ י ט א ן. גלויבסטו אַז איך וועל שטאַרבען ?
ק ו ר ט. דו, גראַדע ווי יעדער, וועסט קיין אויסנאַהם ניט זיין.
ק א פּ י ט א ן. ביזט געערגערט ?
ק ו ר ט. יאָ... האָסטו מורא פאַר דעם טויט ?
ק א פּ י ט א ן. דענק נור, ווען דאָס זאָל נאָך די ענדע ניט זיין !

ק ו ר ט. פיעלע דענקען אזוי.

ק אַ פּ י ט אַ ן. און דאַן ? וואָס וועט נאָכהער זיין ?

ק ו ר ט. לויטער איבערראַשונגען — שטעל איך זיך פאָר.

ק אַ פּ י ט אַ ן. אָבער מען ווייס דאָך קיין זאַך ניט בעשטימט.

ק ו ר ט. ניין, און דאַרום מוז מען זיין געפּאַסט צו אַלעס.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו ביזט דאָך ניט אַזוי קינדעריש, דו זאָלסט גלויבען אין אַ גיהנום ?

ק ו ר ט. גלויבסט ניט אין אַ גיהנום — דו, וועלכער ביזט יעצט דאָרטען אינוועניג ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס איז נאָר אַ פאָרשטעלונגס־ביילד.

(שוויגען.)

ק אַ פּ י ט אַ ן. אַך, ווען דו זאָלסט נאָר וויסען וואָס פאַר אַ שמערצען איך לייד !

ק ו ר ט. קערפּערליכע ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין, ס'איז ניט קערפּערליך .

ק ו ר ט. דאַן מוז עס זיין גייסטיגע, ווייל קיין אַנדערע עקזיסטירען דאָך ניט.

(פּויזע).

ק אַ פּ י ט אַ ן. (הויבט זיך אויף פון בעט) איך וויל ניט שטאַרבען !

ק ו ר ט. האָסט דאָך ערשט פריהער געוואונשען די פערניכטונג.

ק אַ פּ י ט אַ ן. יא. ווען זי זאָל זיין אָהן שמערצען.

ק ו ר ט. אָבער דאָס איז זי דאָך ניט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. איז דען דאָס די פערניכטונג ?

ק ו ר ט. דער אָנפאַנג דערפון.

ק אַ פּ י ט אַ ן. אַ גוטע נאַכט !

ק ו ר ט. אַ גוטע נאַכט !

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

# צווייטער אַקט

(די זעלבע דעקאָראַציאָן. דער לאָמפּ האַלט אין פערלאָשען ווערען. דורך די פענסטער און דורך די טהויערען זעהט זיך אַ פערוואָלקענטער פריה־מאָרגען. דער ים רוישט. דער וואַך־סאָלדאַט געהט אויף דער באַטערעע ווי פריהער).
(דער קאַפּיטאַן ליעגט אויף דער סאָפאַ און שלאָפט, קורט זיצט נעבען איהם, זעהט אויס בלאַס און מיעד פון דער נאַכט וואַכען).

א ל י ס ע. (קומט אַריין פון לינקס) ער שלאָפט ?

ק ו ר ט. יא. ער איז איינגעשלאָפען ווען די זונן איז אויפ־געגאַנגען.

א ל י ס ע. ווי האָט ער פערבראַכט די נאַכט ?

ק ו ר ט. ער האָט פון צייט צו צייט געשלאָפען, און ער האָט זעהר אַ סך גערעדט.

א ל י ס ע. פון וואָס ?

ק ו ר ט. ער האָט ארגומענטירט איבער רעליגיאָן פּונקט ווי אַ חדר־אינגעל, דאָך מיט אַ פּרעטענזיע ווי ער וואָלט האָבען ער־לייזט אַלע וועלט רעטעניסען, און ענדליך ווען עס איז שוין טאָג געוואָרען, האָט ער ערפונדען די אונשטערבליכקייט פון דער נשמה.

א ל י ס ע. און האָט עס צוגעשריבען צו זיין עהרע ?

ק ו ר ט. געוויס !... ער איז ווירקליך דער שטאָלצסטער מענש וואָס איך האָב ווען אָנגעטראָפען „אויב איך עקזיסטיר, מוז אויך אַ גאָט עקזיסטירען".

א ל י ס ע. נו, יעצט האָסטו זיך שוין איבערצייגט... דו זעהסט די שטיוועל, ער וואָלט מיט זיי די ערד פלאַך געמאַכט ווען ער זאָל נור קענען, מיט זיי האָט ער אויף פרעמדע פעלדער און אין פרעמדע גערטנער געטראַמפּעלט, מיט זיי האָט ער גע־טראַמפּעלט אויף מענשליכע הערצער און אויף מענשליכע קעפּ !... אָך, דו בער, ענדליך האָסטו דיין שאָס געקראָגען !

ק ו ר ט. ער וואָלט געווען קאָמיש ווען ער וואָלט ניט געווען טראַגיש, און אין אַלע זיינע קליינליכקייטען געפינט זיך דאָך עפּעס וואָס האָט אַ ווערטה; האָסטו ניט קיין איין גוט וואָרט צו זאָגען וועגען איהם ?

אַ ל י ס ע. (זעצט זיך) יאַ. ווען ער הערט ניט. ווייל ווען ער הערט בלויז איין ליוב־וואָרט, ווערט ער משוגע פאַר שטאָלצקייט.

ק ו ר ט. ער קען יעצט גאָר ניט הערען. ער האָט גענומען מאָרפיום.

אַ ל י ס ע. אויפוואַקסענדיג אין אַן אָרים הויז, צווישען אַ סך שוועסטער און ברידער, האָט עדגאַר געמוזט זעהר פריה אונ־טערשטיצען זיין פאַמיליע פון דעם וואָס ער האָט געגעבען אורא־קען, וואָרום זיין פאָטער איז געווען אַ פּוסט־און־פּאַסניק אָדער נאָך ערגער ווי דאָס. פאַר אַ יונגענמאַן מוז דאָס געווים זיין שווער, ווען ער דאַרף זיך אָפּזאָגען פון אַלע זיינע יוגענד־פערגעניגענס און געהן שקלאַפען פאַר אַ חברה אונדאַנקבאַרע קינדער, וועלכע ער האָט אויף דער וועלט ניט געבראַכט. ווען איך האָב איהם גע־זעהן דאָס ערשטע מאָל בין איך נאָך געווען אַ קליינינקע מיידעל, כ׳געדענק ווי ס׳וואָלט גראַד היינט געווען — דאָס איז געווען אין אַ ווינטער־טאָג — — איך האָב איהם געטראָפען אין גאַס אָהן אַן אויבעררָאָק... ס׳איז געווען ביטער־קאַלט, די קעלט האָט דאַן געהאַלטען פינף־און־צוואַנציג גראַד... אָבער זיינע קליינע שוועס־טערלעך, וועלכע זיינען מיט איהם מיטגעגאַנגען, האָבען געטראָגען פוטערנע מאַנטעלעך... מיר איז דאָס געפעהלען, און איך האָב איהם בעוואונדערט, אָבער זיין העסליכקייט האָט מיך געגרוילט, איז ער ניט אונגעוועהנליך העסליך ?

ק ו ר ט. יאַ, און אין זיין העסליכקייט איז איינגעקריצט עט־וואָס שוידערהאַפטעס. יעדען מאָל ווען מיר ווערען אונפריינדליך איינס מיט׳ן צווייטען, זעה איך דאָס אַם מעהרסטען, און ווען עס מאַכט זיך נאָך אין אַזאַ צייט ווען ער פאָהרט ערגעץ אַוועק, וואַקסט אויס זיין בילד פאַר מיר אין שוידערהאַפטע פאָרמען, אַזוי אַז דאָס פערפאָלגט מיך.

אַ ל י ס ע. דאַן קענסטו זיך פאָרשטעלען וואָס איך האָב גע־ליטען און וואָס איך לייד נאָך יעצט... זיינע ערשטע יאָהרען אַלס

אָפּיציער איז איינפאַך געווען אַ מאַרטירערשאַפט, אָבער פון צייט צו צייט פלעגט ער קריגען אַביסעל שטיצע פון רייכע מענשען. דאָס אָבער וויל ער קיינמאָל ניט צוגעבען, און וואָס ער האָט גע־קראָגען האָט ער צוגענומען גלייך ווי מען וואָלט עס איהם שול־דיג געווען אַ חוב און האָט אפילו קיינמאָל קיין דאַנק ניט געזאָגט.

ק ו ר ט. מיר האָבען דאָך געזאָלט ריידען פון איהם בלויז גוטס.

אַ ל י ס ע. פּיעלייכט ? נאָך זיין טויט, ווייל דאַן וועל איך פון די אַלע זאַכען מעהר ניט דענקען.

ק ו ר ט. דענקסטו אַז ער איז גרויזאַם ?

אַ ל י ס ע. יאָ. — און דאָך, טהיילמאָל צייגט ער זיך אויך אַלס סענטימענטאַלער מענש, גראַדע ווי אַ שונא, אַזוי שוידער־האַפט איז ער.

ק ו ר ט. וואָרום איז ער ניט געוואָרען אַ מאַיאָר ?

אַ ל י ס ע. דו קענסט דאָך דאָס אַליין פערשטעהן, זיי האָבען ניט געוואָלט האָבען איבער זיך אַזעלכען, וועלכער האָט זיך שטענדיג אַרויסגעצייגט אַלס טיראַן. אָבער צו איהם זאָלסטו דערפון ניט ריידען. ער אַליין זאָגט אַז ער וויל קיין מאַיאָר ניט ווערען — האָט ער עפּעס גערעדט פון די קינדער ?

ק ו ר ט. יאָ. ער האָט געבענקט נאָך יודיטה׳ן.

אַ ל י ס ע. דאָס קען איך זיך פאָרשטעלען — אָה ! ווייסטו ווער יודיטה איז ? זיין עבען־בילד וועלכע ער האָט געלערענט צו זיין געגען מיר. דענק נור, מיין אייגענע טאָכטער — האָט געהויבען די האַנד געגען מיר !

ק ו ר ט. ניין, דאָס איז שוין צופיעל !

אַ ל י ס ע. שטיל ! ער ריהרט זיך... ווען ער זאָל אונז נור ניט האָבען געהערט... ער איז זעהר כיטרע פאַר אַזעלכע זאַכען.

ק ו ר ט. ניין. ער ערוואַכט ערשט יעצט.

אַ ל י ס ע. זעהט ער ניט אויס ווי אַ וואַלד־טייוועל ? איך שרעק זיך פאַר איהם.

(שווייגען).

ק אַ פּ י ט אַ ן. (ריהרט זיך, ערוואַכט, הויבט זיך אויף און קוקט זיך אַרום) עס איז שוין מאָרגען. — ענדליך !

קורט. ווי פיהלסטו זיך יעצט ?

קאפיטאן. ס'איז שלעכט !

קורט. זאל מען רופען א דאקטאר ?

קאפיטאן. ניין !... איך וויל זעהן יודיטה'ן... איך וויל זעהן מיין קינד !

קורט. וואלט ניט געווען ראטהזאם זאלסט איינארדנען אביסעל דיין הויז — אין פאל עטוואס זאל געשעהן ?

קאפיטאן. וואס מיינסטו ? וואס קען געשעהן ?

קורט. וואס מיט יעדען פון אונז קען געשעהן.

קאפיטאן. עט, נארישקייטען ! רעד זיך ניט איין אז איך וועל אזוי שנעל שטארבען. און דו, אליסע, פרעה זיך נאך ניט.

קורט. דענק אן דיינע קינדער ! לאז אויסשרייבען דיין צואה, דאמיט אז דיין פרוי זאל בלייבען וועניגסטענס ביי די מע־בעל.

קאפיטאן. הייסט דאס, זי וויל מיך שוין אב'ירש'ענען ביים לעבען ?

קורט. ניין. אבער אין פאל עס וועט עפעס געשעהן, זאל זי ניט דארפען ארויסגעווארפען ווערען אויף דער גאס, ווער ס'האט אכטונג געגעבען אויף די מעבעל פינף־און־צוואנציג יאהר, זי גע־ווישט און געפוצט, האט דאס רעכט עס צו בעזיצען. זאל איך הייסען שיקען נאך דעם נאטאר ?

קאפיטאן. ניין.

קורט. דו ביזט א גרויזאמער מענש — פיעל גרויזאמער ווי איך האב זיך פארגעשטעלט.

קאפיטאן. ס'איז שוין ווידער דא ! (ער פאלט מאכטלאז אויף דער סאפא).

אליסע. (געהט צו רעכטס) אין קיך ווארטען פאר מיר מענ־שען און איך מוז מיט זיי ריידען.

קורט. דו קענסט געהן. האסט דא סיי־ווי ניט וואס צו טהאן. (אליסע געהט אב).

קאפיטאן. (ערוואכט) נו, קורט, וואס דענקסטו צו טהאן וועגען די קאראנטין ?

קורט. אה, אלעס וועט שוין איינגעארדענט ווערען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. אָבער פֿערגעס ניט אַז איך בין קאָמאַנדיר דאָ אויפֿ'ן אינזעל, און דו וועסט דאַרפֿען האַנדלען מיט מיר.

ק ו ר ט. האָסט שוין אַמאָל געזעהן אַ קאַראַנטין ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. אויב איך האָב ? יאַ, נאָך איידער דו ביזט געבוירען געוואָרען. און איך וועל דיר געבען אַ ראַטה, זאָלסט ניט לעגען די אָפּגערייניגטע גיפֿטיגע שטאָפֿען צו־נאָהנט צום שטראַנד.

ק ו ר ט. איך האָב געדענקט אַז וואָס נעהנטער צום ברעג, איז אַלץ בעסער —

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס צייגט זיך אַרויס, ווי גוט דו פֿערשטעהסט דיינע געשעפֿטען. דאָס וואַסער איז דאָך דער עלעמענט פֿון באַציל־לען, איהר לעבענס־עלעמענט.

ק ו ר ט. אָבער דאָס געזאַלצענע וואַסער איז דאָך נויטהיג אַוועקצושלעפֿען דאָס שמוץ —

ק אַ פּ י ט אַ ן. אידיאָט ... ווען דו וועסט שוין יעצט געפֿינען אַ וואָהנונג, וועסטו דאָך נעהמען צו זיך די קינדער ?

ק ו ר ט. דענקסטו זיי וועלען זיך לאָזען נעהמען ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. געוויס, ווען דו זאָלסט נור זיין גענוג מאַן !

ק ו ר ט. ביזטו פֿיעלייכט הונגעריג ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ.

ק ו ר ט. ווילסטו עפּעס לייכטע שפּייז ?

ק אַ פּ י ט אַ ן . ניין. איך וויל עפּעס שטאַרקע שפּייז.

ק ו ר ט. דאַן וועט שנעל נעהמען אַן ענדע מיט דיר.

ק אַ פּ י ט אַן. ס'איז ניט גענוג וואָס מען איז קראַנק, דאַרף מען נאָך פֿערהונגערן דערצו ?

ק ו ר ט. מען קען זיך גאָר ניט העלפֿען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. און ניט טרינקען, און ניט רויכערען ? דאַן האָט דאָך דאָס לעבען גאָר אין גאַנצען קיין ווערטה נישט.

ק ו ר ט. דער טויט פֿערלאַנגט אָפּפֿער, אַז ניט קומט ער זעהר שנעל.

אַ ל י ס ע. (קומט אַריין מיט אייניגע בוקעטען בלומען, און טע־לעגראַמען און בריעף) : נאַ, אָט האָסטו, דאָס איז פֿאַר דיר. (וואַרפֿט די בלומען אויפֿ'ן שרייב־טיש).

ק אַ פּ י ט אַ ן. (געשמייכעלט) פֿאַר מיר ?... קען איך זיי זעהן ?

א ל י ס ע. אָה, זיי זיינען נור פון די אונטער־אָפיציערען, און פון די מוזיקאַנטען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו ביזט אייפערזיכטיג.

אַ ל י ס ע. איך זאָג דיר, ס׳איז דאָ פאַרוואָס אייפערזיכטיג צו ווערען ! ווען דאָס וואָלט געווען לאָרבער־קראַנצען, נאַ !... אָבער לאָרבער־קראַנצען ועסטו קיינמאָל ניט קריגען !

ק אַ פּ י ט אַ ן. הם... דאָ איז אַ טעלעגראַמע פונ׳ם פאָל־קאָווניק... לעז עס פאַר מיר, קורט ! דער פאָלקאָווניק איז נאָך אַלעמען אַן עהרענמאַן — כאָטש ער איז אַביסעל אַן אידיאָט !... דאָס איז פון... וואָס שטעהט דאָ ? דאָס איז פון יודיטה ?... זיי אזוי גוט און טעלעגראַפיר אַז זי זאָל קומען מיט דער ערשטער שיף וואָס געהט אָפּ !... דאָ... יאָ !... — מען איז יעדענפאַלס נישט אָהן פריינד, און ס׳איז זעהר אַנגענעהם צו זעהן ווען מען אינ־טערעסירט זיך מיט איינעם ועלכער האָט עס פערדיענט !

אַ ל י ס ע. איך פערשטעה ניט. איז דאָס גליקווינשע ווייל דו ביזט קראַנק ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. היענע ! *)

אַ ל י סע. (צו קורט׳ן) מיר האָבען דאָ געהאַט אַ דאָקטאָר, וועלכער איז געווען אַזוי פערהאַסט, אַז ווען ער האָט פערלאָזען דאָס אינזעל, האָט מען געמאַכט אַ באַנקעט, נאָך איהם, און ניט פאַר איהם.

ק אַ פּ י ט אַ ן. שטעל די בלומען אריין אין וואַזען.. איך בין געוויס ניט אַזוי לייכטגלויביג, און די מענשען זיינען אַ גע־מיינער המון... אָבער, ביי גאָט ! דיעזע איינפאַכע אַנערקענונג איז אויפריכטיג... זי קען אַנדערש ניט זיין ווי אויפריכטיג...

אַ ל י ס ע. שוטה !

ק ו ר ט. (לעזט די טעלעגראַמע) יודיטה קען ניט קומען, ווייל דער דאַמפּפער געהט ניט צוליעב די שטורמס.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס אַלעס ?

---

*) היענע, אַ ווילדע חיה וואָס לעבט אויף פלייש, גראָבט אונטער קברים אום אויפצופרעסען די מתים.

ק ו ר ט. ניין, ס'איז דאָ נאָך אַ צושריפט. זי בעט דעם פּאַפּאַ ער זאָל ניט טרינקען צופיל.

ק אַ פּ י ט אַ ן. זי שעהמט זיך דאָס גאַרניט ?... אָט דאָס זיינען היינטיגע קינדער !... דאָס איז מיין געליעבטע טאָכטער !... מיין אָבגאָט !...

אַ ל י ס ע. און דיין בילד !

ק אַ פּ י ט אַ ן. אַזוי איז דאָס לעבען. און דאָס איז די פרייד פון לעבען — פּפוי ! דאָס איז אַ גיהנום !

אַ ל י ס ע. אַצונד שניידסטו דאָס וואָס דו האָסט פערזייעט. דו האָסט זי אויפגערייצט געגען מיר, איהר אייגענער מוטער, און יעצט איז זי געגען איהר אייגענעם פאָטער ! זאָג, געפינט זיך ניט אַ גוטער גאָט אויף דער וועלט ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. (צו קורט'ן) וואָס שרייבט דער פּאָלקאָווניק ?

ק ו ר ט. ער גיט דיר דיענסט-פרייהייט, און וויטער גאָרנישט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דיענסט-פרייהייט ? איך האָב דאָך דאָס ניט פערלאַנגט.

אַ ל י ס ע. האָב איך דאָס פערלאַנגט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך נעהם זי ניט אָן.

אַ ל י ס ע. דו זעהסט, קורט ? דאָס איז אַ מאַן פאַר וועמען עס עקזיסטירט ניט קיין געזעץ, קיין קאָנסטיטוציאָן. — ער שטעהט העכער פון אַלעס און אַלעמען. די זונן און די לבנה וואַנדערן אַרום צווישען די שטערן אום צו פערשפּרייטען זיין גרויסקייט. אַזוי איז ער מיין מאַן. דער אונבעדייטענדער קאַפּיטאַן, וועלכער האָט אַפּילו ניט געהאַט די פעהיגקייטען צו ווערען אַ מאַיאָר, און פון וועמענס אָנגעבלאָזענקייט יעדער לאַכט, און רעדט מיט איהם, האָט ער זיך איינגעבילדעט אַז אַלע האָבען פאַר איהם מורא. אונגליקליכער ! ער האָט דאָך מורא אין דער פינסטער און גלויבט אין באַראָמעטערס. און פאַר אַ שלוס-אַקט האָט ער נאָך אַ טאַטשקע צו בעמיסטיגען וועלבע איז אַפּילו ניט פון ריכטיגען האָלץ געמאַכט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (שמעקט אַ בוקעט בלומען זיך ניט צוהערענדיג צו אַליסע'ן) האָסטו איינגעלאַדען קורט'ן צו פריהשטיק ?

אַ ל י ס ע. ניין.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאַן געה-זשע מאַך צוויי גוטע ביף-שטיקס.

א ל י ס ע. צוויי?

ק א פּ י ט א ן. איך וויל נור איינעם.

א ל י ס ע. אָבער מיר זיינען דאָך דריי.

ק א פּ י ט א ן. דו ווילסט אויך? נו, מאַך דריי.

א ל י סע. וואו זאָל איך זיי נעהמען? נעכטען האָסטו איינגעלאַדען קורט'ן צו וועטשערע און אין הויז האָט זיך קיין שטיקעל ברויט ניט געפונען. קורט וואַכט דאָ נעבען דיר א גאַנצע נאַכט מיט א ניכטערן מאָגען, אפילו אָהן א ביסעל קאַפּע, ווייל אין הויז איז ניטאָ און באָרגען וויל מען אונז מעהר ניט.

ק א פּ י ט א ן. זי איז בייז אויף מיר וואָרום איך בין נעכטען ניט געשטאָרבען.

א ל י ס ע. ניין. וואָרום דו ביזט ניט געשטאָרבען מיט פינף־און־צוואַנציג יאָהר צוריק — וואָס דו ביזט ניט געשטאָרבען זאָך איידער איך בין געבוירען געוואָרען.

ק א פּ י ט א ן. (צו קורט'ן) מעגסט זיך צוהערען צו איהר. — דאָס איז דערפון וואָס מען האָט חתונה און דער זיווג איז ניט פון גאָט — יא, דערפאַר איז דאָס.

(קורט און אַליסע קוקען איינס אויף דאָס אַנדערע).

ק א פּ י ט א ן. (הויבט זיך אויף און געהט צום טיהר) זאָגט וואָס איהר ווילט, איך געה יעצט צו מיין דיענסט. (טהועט זיך אָן אַן אַלטען העלם מיט אַ האָאר־בערשטעל, שנאַלט אָן דעם זעבעל אַרום זיינע לענדען און הענגט אויף זיך אויף דעם מאַנטעל) ווען אימעצער וועט פרעגען אויף מיר, קען מען מיך געפינען אין דער באַטערעע.

(קורט און אַליסע ווילען ;יהם צוריקהאַלטען אָבער ס'איז אומזיסט.)

ק א פּ י ט א ן. געהט אוועק פון מיר! (ראַש אָב).

א ל י ס ע. גהה! דו טהוסט אימער אַזוי. דו דרעהסט זיך אימער אוים מיט'ן רוקען ווען דער שטרייט ווערט אביסעל צו שווער פאַר דיר, אַלע שווערינקייטען לאָזטו איבער פאַר דיין פרוי. — שבור! בעריהמער! ליגנער! פּפוי אויף דיר!

ק ו ר ט. ס'קען שוין ערגער ניט זיין.

א ל י ס ע. דו ווייסט נאָך ניט אַלעס.

ק ו ר ט. איז דען נאָך עפּעס פאַראַן?

א ל י ס ע. ס'איז מיר נור א שאַנדע צו ריידען...

ק ו ר ט. וואוהין איז ער יעצט אוועקגעגאנגען ? — און וואו האָט ער גענומען די קראַפט דערצו ?

אַ ל י ס ע. ער איז יעצט געגאַנגען צו די אונטער־אָפיציערען זיי בעדאַנקען פאַר די בלומען... און דאַן וועט ער עסען מיט זיי און טרינקען, און נאָכהער וועט ער אָנרעדען אויף זיי וואָס אין דער קאָרט — ווען דו זאָלסט וויסען וויפיעל מאָל ער איז שוין געווען געסטראַשעט מיט אבשיעד ! נור די מיטלייד וואָס מען האָט אויף דער פאַמיליע ראַטעוועט איהם. און ער האָט זיך איינגערעדט אז מען האָט מורא פאַר זיין גרויסקייט, און האַסט און פערלוימדעט די אָפיציער־פרויען און יעדען אַנדערען וואָס האָט פאַר איהם אַ גוט וואָרט געזאָגט.

ק ו ר ט. איך בין אהער געקומען זוכען אביסעל פריעדען ביים ים — און איך קען דיר זאָגען אז פון אייערע פערהעלטניסע האָב איך גאָר ניט געוואוסט...

אַ ל י ס ע. אָרימער קורט ! וואו קען איך דאָ קריגען פאַר דיר עפּעס צו עסען ?

ק ו ר ט. פאַר מיר זאָרג ניט. איך וועל געהן צום דאָקטאָר. אָבער דו ? ערלויב מיר פאַר אייך עפּעס צו בעזאָרגען.

אַ ל י ס ע. ווען ער וועט זיך דערפון דערוויסען וועט ער מיך דער׳הרג׳ענען.

ק ו ר ט. (קוקט אַרויס דורכ׳ן פענסטער) זעה, ער שטעהט דאָרט נעבען דער פעסטונגס־וואַנד אין אַזאַ ווינד !

אַ ל י ס ע. ס׳איז אַ רחמנות אויף איהם —

ק ו ר ט. ס׳איז אויף אייך ביידען אַ רחמנות, אָבער וואָס קען מען טהאָן ?

אַ ל י ס ע. איך וויים ניט. די פּאָסט האָט געבראַכט אַ סך ניט־בעצאָהלטע רעכענונגען. ער האָט זיי ניט בעמערקט —

ק ו ר ט. צייטענווייז איז אַ גליק ווען מען זעהט ניט געוויסע זאַכען.

אַ ל י ס ע. (ביים פענסטער) ער האָט צושפּיליעט זיין מאַנטעל און דער ווינד וועהט דורך זיין ברוסט. יעצט וועט ער שטאַרבען !

ק ו ר ט. ניין. ער וויל דאָס ניט. וואָרום פריהער ווען ער האָט

געפיהלט אַז זיין לעבען איז צו ענדע, האָט ער זיך פעסט צוגע־קלאַמערט צו מיר און האָט געוואָלט אריינדרינגען אין מיינע אנגעלעגענהייטען, אַזוי, אַז עס האָט אויסגעזעהן ווי ער וויל אין מיר אריינדרינגען און לעבען מיין לעבען.

אַ ל י ס ע. דאָס איז זיין וואַמפּירישע נאַטור: זיך אריינ־צוגריבלען אין פרעמדע נשמות, צו ציהען אינטערעס פון פרעמדע עקזיסטענצען, צו רעגולירען און איינאָרדנען פאַר פרעמדע, ווען זיין אייגען לעבען איז אָהן אינטערעס — און געדענק, קורט, וואָס איך זאָג דיר: לאָז איהם ניט אריינדרינגען אין דיין פאַמיליען־לעבען. שטעל איהם ניט פאָר פאַר דיינע פריינד, ווייל ער וועט זיי צונעהמען און מאַכען פאַר זיינע, — אין די זאַכען איז ער אַן אמת'ער מכשף. און ווען ער זאָל זיך בעגעגענען מיט דיינע קינ־דער, וועט ער ווערען מיט זיי באַלד פריינד. ער וועט אָנפאַנגען צו הערשען איבער זיי, און זיי ערציהען נאָך זיין אייגענעם שכל — און הויפּטזעכליך געגען דיין אייגענעם וואונש.

ק ו ר ט. אַליסע, איז דאָס ניט ער, וואָס האָט ביי מיר גע־רויבט מיינע קינדער, דאַמאָלס ווען איך האָב זיך גע'גט ?

אַ ל י ס ע. יעצט ווען אַלעס איז שוין פאַרביי, קען איך דיר זאָגען אַז — יאָ.

ק ו ר ט. איך האָב דאָס פערדעכטיגט, אָבער איך האָב ניט געוואוסט פאַר זיכער אויב ער איז דאָס געווען.

אַ ל י ס ע. ווען דו האָסט מיין מאַן מיט פולען צוטרויען געשיקט צו דיין פרוי אַז ער זאָל שלום מאַכען צווישען אייך, האָט ער אנשטאָדט דעם געמאַכט צו איהר ליעבעס־חנ'דעלעך און האָט זי געלערענט וואָס זי זאָל טהאָן, אַז זי זאָל קענען קריגען די קינדער.

ק ו ר ט. אָך גאָט! גאָט אין הימעל!

אַ ל י ס ע. יעצט ווייסטו שוין נאָך אַ שטריך פון זיין כאַ־ראַקטער. (שווייגען).

ק ו ר ט. ווייסטו, נעכטען ביינאַכט... ווען ער האָט געדענקט אַז ער וועט שטאַרבען, האָב איך איהם געמוזט פערשפּרעכען אַז איך וועל אַכטונג געבען אויף זיינע קינדער.

אַ ל י ס ע. אָבער דו דענקסט דאָך ניט דערפאַר זיך נוקם צו זיין אין מיינע קינדער ?

ק ו ר ט. יא. דערמיט וואָס איך וועל האַלטען מיין פער־שפּרעכען. — איך וועל אַכטונג געבען אויף אייערע קינדער.

א ל י ס ע. דאָס איז ווירקליך די גרעסטע נקמה וואָס דו קענסט נעהמען, וויל ער האָסט ניט קיין זאַך אַזוי ווי ערעלמוטה.

ק ו ר ט. איך האָב שוין מיין נקמה ניט נעהמענדיג קיין נקמה.

א ל י ס ע. איך ליעב נקמה אַלס אַ גערעכטיגקייט און איך וויל אימער אַז דער רשע זאָל קריגען זיין שטראָף.

ק ו ר ט. דו האַקטשט זיך נאָך אַלץ ביי דאָס דייניגע.

א ל י ס ע. איך וועל זיך דערביי אימער האַלטען. אין דעם טאָג וואָס איך וועל פערצייהען אָדער קריגען ליעב אַ רשע, וועל איך זיין דער גרעסטער היפּאָקריט.

ק ו ר ט. ס'קען זיין ס'איז אַ פּפליכט ניט צו זאָגען אַלעס, און ניט צו זעהן אַלעס. די פּפליכט ווערט אָנגערופען: געדולד — און אין דעם נויטהיגען מיר זיך אַלע.

א ל י ס ע. איך ניט! מיין לעבען איז אָפען און קלאָהר, איך שפּיעל אימער מיט אָפענע קאָרטען.

ק ו ר ט. דאָס איז צופיעל געזאָגט.

א ל י ס ע. ניין, דאָס איז צו וועניג. וויל דאָס וואָס איך האָב געליטען צוליעב דיעזען מענש וועלכען כ'האָב קיינמאָל ניט געליעבט —

ק ו ר ט. וואָרום האָסטו מיט איהם חתונה געהאַט?

א ל י ס ע. וואָרום? וויל ער האָט מיך גענומען! מיך פערפיהרט! איך וויים אַליין ניט! און ס'קען זיין וויל כ'האָב געוואָלט אַריין אין הויכע געזעלשאַפט —

ק ו ר ט. און דערפאַר פערלאָזט דיין קונסט?

א ל י ס ע. וועלכע איז געווען פעראַכטעט. — אָבער ער האָט מיך בעטראָגען. ער האָט פאַר מיר געמאָלען אַ גוט לעבען... אַ שעהנע היים... און געווען איז מעהר ניט ווי שולדען, דאָס איינ־ציגע גאָלד וואָס ער האָט געהאַט איז געווען אויפ'ן יוניפאָרם, און אפילו דאָס איז אויך קיין גאָלד ניט געווען. ער האָט מיך בעטראָגען!

ק ו ר ט. וואָרט נור! ווען אַ יונגער מאַן פערליעבט זיך,

קוקט ער האָפנונגס־פאָל אין דער צוקונפט. דאָס וואָס זיינע האָפּ־נונגען ווערען ניט אימער פערווירקליכט, דאָס מוז מען איהם פערצייהען. איך האָב דעם זעלבען בעטרוג אויף מיין געוויסען, און פאַר אַ בעטריגער האַלט איך זיך ניט.... וואָס זעהסטו דאָרטען אין דרויסען אויף דער פעסטונגס־וואַנד ?

א ל י ס ע. איך וויל זעהן, אויב ער איז אראָפּגעפאַלען.

ק ו ר ט. איז ער געפאַלען ?

א ל י ס ע. ניין, ליידער ניט. ער בעטריגט מיך אימער.

ק ו ר ט. דאַן געה איך צום דאָקטאָר און צום בעצירקס־ריכטער.

א ל י ס ע. (זעצט זיך אויפ'ן פענסטער) געה, ליעבער קורט, איך וועל זיך דאָ זעצען און וואַרטען. און וואַרטען האָב איך געלערנט.

(פ אָ ר ה א נ ג.)

# דריטער אַקט

(די זעלבע דעקאָראַציאָן. ס'איז העלער טאָג. דער וואַך־סאָלדאַט געהט ווי פריהער אויף דער באַטערעע).

א ל י ס ע. (זיצט אין אַ לעהנ־שטוהל רעכטס, איהרע האָאר זיינען גראָה).

ק ו ר ט. (קומט אַריין פון לינקס, נאָכדעם ווי ער האָט אָנ־געקלאַפּט) גוטען טאָג, אַליסע !

א ל י ס ע. גוטען טאָג, מיין פריינד, זעץ דיך.

ק ו ר ט. (זעצט זיך אויף אַ לעהנשטוהל לינקס) דער דאַמפּפער איז יעצט אָנגעקומען.

א ל י ס ע. דאַן קען איך זיך פאָרשטעלען וואָס עס שטעהט אונז פאָר, ווען ער זאָל יעצט אָנקומען.

ק ו ר ט. ער איז יעצט אָנגעקומען. איך האָב געזעהן בלישטשען זיין העלם — וואָס האָט ער געטהאָן אין שטאָדט ?

אַ ל י ס ע. איך קען דיר דאָס באַלד אויסרעכענען... אַזוי ווי ער האָט זיך אָנגעקליידעט צו אַ פּאַראַד, האָט ער געמוזט זיין ביים פּאָלקאָווניק; און אַזוי ווי ער האָט מיטגענומען זיינע ווייסע האַנדשוה, האָט ער דאָרט געמאַכט פיעלע בעזוכען.

ק ו ר ט. האָסטו בעמערקט נעכטען ווי שטיל ער איז געווען ? זייט ער האָט אויפגעגעבען דאָס טרינקען און לעבט נאָרמאַל, איז ער געוואָרען גאָר אַן אַנדער מענש. ער איז רוהיג, געלאַסען און איבערלעגט —

אַ ל י ס ע. איך וויים דאָס. ווען דער מענש וואָלט אימער־צו געווען ניכטער, וואָלט ער געווען שרעקליך פאַר דער מענש־הייט. ס'איז פיעלייכט אַ גליק פאַר דער מענשהייט וואָס ער ווערט דורך זיין שנאַפּס לעכערליך און אונשעדליך.

ק ו ר ט. דער גייסט פון דער פלאַש האָט איהם בעשטראָפט... האָסטו בעמערקט, זינט דער טויט האָט אויף איהם אויסגעדריקט זיינע צייכענס, האָט זיך אין איהם ענטוויקעלט עטוואָס גרויסעס, אַזוי, אַז ס'מאַכט איהם אַליין גרויס ? ס'קען זיין אַז מיט זיין נייעם גלויבען אין אונשטערבליכקייט, קוקט ער אַנדערש אויפ'ן לעבען.

אַ ל י ס ע. דו נאַרסט זיך אַליין אָפּ. ער פּראָוועט עפּעס אַ כשוף. און גלויב נישט וואָס ער זאָגט, ווייל ער האָט ליעב צו זאָ־גען ליעגען איבערלעגטערהייד. און ווי ער קען די קונסט פון אינטריגירען, קען קיין מענש נישט —

ק ו ר ט. (בעטראַכט אַליסע'ן) אַליסע, וואָס זעה איך ? דו ביזט אין דיזע צוויי נעכט גראָה געוואָרען !

אַ ל י ס ע. ניין, מיין פריינד. דאָס בין איך שוין פון לאַנג. איך האָב נור פערנאַכלעסיגט זיי שוואַרץ צו מאַכען, זינט מיין מאַן איז אַזוי גוט ווי טויט. פינף־און־צוואַנציג יאָהר אין אַ גע־פענגעניש — ווייסטו אַז דאָס פּלאַץ איז אַמאָל געווען אַ געפענ־געניש ?

ק ו ר ט. אַ געפענגעניש !... די ווענד זעהען אַזוי אויס.

אַ ל י סע. און מיין געזיכט־פאַרב ? זאָגאַר די קינדער האָבען דאָ געקראָגען אַ געפענגעניש־פאַרב.

ק ו ר ט. איך קען זיך קוים פאַרשטעלען, ווי די קינדער האָבען זיך געקענט דאָ שפּיעלען אין דיזען מויער.

א ל י ס ע. דאָ איז זעלטען געשפּיעלט געוואָרען. און די צוויי וואָס זיינען געשטאָרבען, זיינען אויסגעגאַנגען איינפאַך אוים מאַנגעל אין ליכט.

ק ו ר ט. וואָס נאָך גלויבסטו שטעהט אונז פאָר ?

א ל י ס ע. דער ענטשיידענער שטוים פאַר אונז ביידען. ווען דו האָסט געלעזען די טעלעגראַמע פון יודיטה'ן, האָב איך געזעהן אין זיינע אויגען לייכטען אַ וואויל־בעקאַנטען גלאַנץ. נור אַזוי ווי יודיטה איז דערביי נישט געווען, איז דער האַס געפאַלען אויף דיר.

ק ו ר ט. וואָס פאַר אַ מיינונג, גלויבסטו, האָט ער וועגען מיר ?

א ל י ס ע. שווער צו זאָגען. וואָרום ער בעזיצט אַן אויסער־געוועהנליכע פעהיגקייט זיך אריינצוגריבלען אין פרעמדע געהיימ־ניסע — און דו האָסט אַליין געזעהן, ווי ער האָט נעכטען דעם גאַנצען טאָג געלעבט אין דיין קאַראַנטין, און האָט געזויגען לע־בענס־אינטערעס פון דיין עקזיסטענץ, און געפרעסען דיינע קינדער, דער מענשען־פרעסער ! דו זעהסט, איך קען איהם. זיין אייגען לעבען פליהט, אָדער איז שוין פערפלויגען —

ק ו ר ט. דעם איינדרוק האָב איך אויך בעקומען, אַז ער איז שוין אויף דער אַנדערער זייט. זיין געזיכט שיינט מיט אַ פאָספּע־רישען ליכט, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון אויפלעזונג... און זיינע אויגען פלאַמען ווי אורליכטער איבער גריבער און זומפּען... יעצט קומט ער ! זאָג איהם, דו האָסט געדענקט, אַז עס קען פּיעלייכט מעגליך זיין אַז ער איז אייפערזיכ־טיג.

א ל י ס ע. ניין. דערצו איז ער צו שטאָלץ. ער זאָגט אימער : צייג מיר דעם מאַן אויף וועלכען איך דאַרף זיין אייפערזיכטיג.

ק ו ר ט. אויב אַזוי, איז נאָך בעסער. אפילו זיינע פעהלער האָבען אויך אַ ווערטה. זאָל איך יעצט אויפשטעהן און איהם אַנטקעגען געהן ?

א ל י ס ע. זיי צו איהם אונהעפליך, ווען נישט וועט ער גלויבען אַז דו ביזט פאַלש, און ווען ער וועט אָנפאַנגען צו זאָגען

ליגען, מאך זיך כלומר׳שט אז דו גלויבסט איהם. איך קען זיינע ליגענס זעהר גוט איבערזעצען, און איך קריג אימער־צו ארויס דעם אמת פון זיי, מיט דער הילפע פון מיין ווערטער־בוך... איך פיהל ס׳קומט עפּעס שרעקליכעס... אָבער קורט, האַלט זיך שטאַרק, און פערליער נישט די בעהערשונג איבער זיך... מיין איינציגע הילפע אין אונזער לאַנגען קאַמפּף איינס מיט׳ן צווייטען, איז געווען דאָס וואָס איך בין אימער־צו געווען ניכטער, און נישט פערלאָרען די קאָנטראָל איבער זיך... ער איז אימער דורכגעפאַלען דורך זיין בראַנפען... יעצט וועלען מיר זעהן.

קאפּיטאן. (קומט פון לינקס געקליידעט אין זיין פּאַראַד־יוניפאָרם,העלם, און ווייסע האַנדשוה. קוקט ווירדיג, אָבער בלאַס, און מיט איינגעפאַלענע אויגען. געהט לאַנגזאַם מיט וואַקלענדע טריט צו־פאָרענט, און זינקט אַרונטער אין דער רעכטער זייט אויף אַ שטוהל. בעת ער רעדט האַלט ער דעם זעבעל צווישען די קניע) גוטען טאָג ! פערצייהעט וואָס איך זעץ זיך אזוי אוועק, איך פיהל זיך אביסעל מיעד.

אליסע און קורט. גוטען־טאָג !

אליסע. ווי פיהלסטו זיך ?

קאפּיטאן. אויסגעצייכענט, נור אביסעל מיעד.

אליסע. וואָס הערט זיך נייעס אין שטאָדט ?

קאפּיטאן. ווענער און גוטעס. איך בין צווישען אַנדערע געווען ביים דאָקטאָר, און ער האָט מיר געזאָגט אז מיר איז גאָר־נישט, און איך קען נאָך לעבען צוואַנציג יאָהר, ווען איך זאָל נור אויף זיך אויפּפּאַסען.

אליסע. (צו קורט׳ן) יעצט זאָגט ער ליגנען (צום קאַפּיטאַן) דאָס איז זעהר שעהן, מיין טהייערער.

קאפּיטאן. יא, אזוי איז דאָס.

(שווייגען. וועהרענד דער צייט קוקט דער קאַפּיטאַן אויף אליסע׳ן און אויף קורט׳ן, ווי ערוואַרטענדיג אַז זיי זאָלען עפּעס אָנפאַנגען צו ריידען).

אליסע. (צו קורט׳ן) רייד קיין וואָרט נישט, זאָל ער פריהער אָנפאַנגען — וועלען מיר קענען זעהן זיינע קאָרטען.

קאפּיטאן. (צו אליסע׳ן) דו זאָגסט עפּעס ?

אַ ל י ס ע. ניין. איך האָב גאָר נישט געזאָגט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (לאַנגזאַם) הער נור, קורט —

אַ ל י ס ע. (צו קורט׳ן) דו זעהסט, ער פאַנגט אָן.

ק אַ פּ י ט אַ ן. כ׳בין געווען אין שטאָדט. ווי דו ווייסט, און האָב געמאַכט בעקאַנטשאַפט צווישען אַנדערע מיט אַ יונגען וואָ־לונטיר (לאַנגזאַם) פון דער אַרטילעריע. (פּויזע, קורט ווערט אונרוהיג) און אַזוי ווי מיר זיינען דאָ אין מאַנגעל אין וואָלונטירען, האָב איך אָבגעמאַכט מיט׳ן פּאָלקאָווניק אַז ער זאָל קומען אַהער. דיך דאַרף דאָס פרעהען, בעזאָנדערס ווען איך וועל דיר זאָגען, אַז דאָס איז דיין אייגענער זוהן.

אַ ל י ס ע. (צו קורט׳ן) דער וואַמפּיר ! דו זעהסט !

ק ו ר ט. אונטער געוועהנליכע אומשטענדען, וואָלט עס אַ פאָטער געפרעהט. אָבער אונטער מיינע אומשטענדען איז דאָס מעהר נישט ווי שמערצליך.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס פערשטעה איך נישט.

ק ו ר ט. דו דאַרפסט אויך נישט. ס׳איז גענוג אַז איך וויל דאָס נישט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. אָה, דו ווילסט עס נישט — וועל איך דיר זאָגען, אַז דער יונגער מאַן איז אַהער געזעצליך געשיקט געוואָרען, און פון יעצט אָן וועט ער שטעהן אונטער מיין אויפזיכט.

ק ו ר ט. דאַן וועל איך איהם צווינגען זיך צו זוכען אַן אַנדער רעגימענט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס קענסטו נישט. דו האָסט קיין שום רעכט נישט איבער דיין זוהן.

ק ו ר ט. קיין שום רעכט נישט ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין. דאָס געריכט האָט די קינדער צוגע־שפּראָכען דער מוטער.

ק ו ר ט. דאַן וועל איך זיך אַליין זעהן מיט דער מוטער, און זיך מיט איהר דורכרעדען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס דאַרפסטו נישט.

ק ו ר ט. דאָס דאַרף איך נישט ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין. ווייל איך האָב דאָס שוין געטהאָן. יאַ !

(קורט וויל זיך אויפהויבען, פאַלט אָבער צוריק).

אליסע. (צו קורט'ן) יעצט מוז ער שטאַרבען!

קורט. דאָס איז דאָך אַ מענשען־פרעסער!

קאַפּיטאַן. אַזוי איז דאָס. (צו אַליסע'ן און קורט) איהר זאָגט עפּעס?

אליסע. ניין. וואָס איז, דו הערסט נישט גוט?

קאַפּיטאַן. יאַ, אַביסעל... און איך וויל דו זאָלסט זיך זעצען נעהנטער צו מיר, מחמת איך האָב דיר עפּעס צו זאָגען אונטער פיער אויגען.

אליסע. ס'איז נישט נויטהיג — און אַן עדות איז תמיד גוט פאַרביידע צדדים.

קאַפּיטאַן. דאָס האָסטו רעכט, אַן עדות איז אימער־צו גוט, אָבער צוערשט: האָט איהר שוין די צוואה פאַרטיג?

אליסע. (דערלאַנגט איהם אַ דאָקומענט) דער נאָטאַר האָט זי אַליין אויסגעשריבען.

קאַפּיטאַן. ווי דו האָסט געוואָלט — זעהר גוט! (לעזט דאָס איבער, נאָכהער צורייסט ער דאָס לאַנגזאַם און וואַרפט די צוריסענע שטיקלעך פאַפּיער אויפ'ן באָדען) הייסט עס אַז דאָס איז געוועזן די זאַך! יאַ!

אליסע. (צו קורט'ן) האָסטו אַמאָל אַנגעטראָפען אַזאַ מענש?

קורט. דאָס איז קיין מענש נישט.

קאַפּיטאַן. יאַ, און צו אַליסע'ן האָב איך צו זאָגען פאָלגענדעס: —

אליסע. (אונרוהיג) וואָס?

קאַפּיטאַן. אַזוי ווי דו האָסט שוין לאַנג אויסגעשפּראָכען דיין וואונש, צו וועלען מאַכען אַן ענדע צו דיין עלענדעס לעבען, און צו אונזער אונגליקליכער הייראַטה, און אַזוי ווי דו פיהלסט נישט קיין שום ליעבע צו דיין מאַן און קינדער, און האָסט אַנגעפאַנגען פערנאַכלעסיגען די הויז־ווירטהשאַפט, האָב איך יעצט, ווען איך בין געוועזן אין שטאָדט, אַנגעגעבען אַ ביטע אין ראַטהס־געריכט פאַר אַ שיידונג.

אליסע. אַזוי, און אויף וואָס פאַר אַ גרונד?

קאַפּיטאַן. אויסער די גרינדע וואָס כ'האָב דיר ערשט יעצט אויסגערעכענט, האָב איך נאָך ריין פערזענליכע. אַזוי ווי

עס איז אויסגעפונען געוואָרען אַז איך קען נאָך לעבען צוואַנציג יאָהר, האָב איך בעדאַכט אויסצוטוישען דיזע אונגליקליכע הייראַטה פאַר אַ מעהר גליקליכע. איך מיין, איך וועל פעראייניגען מיין שיקזאַל מיט אַזאַ פרוי וועלכע זאָל דיענען איהר מאַן מיט איבערגעבענהייט, און וועלכע זאָל קענען אַריינברענגען אין הויז נישט נור יוגענד, נאָר אויך — ווי זאָל איך עס זאָגען — אַביסעל שעהנהייט.

אַ ל י ס ע. (נעהמט אַראָפּ איהר רינג, און וואַרפט איהם אויפ'ן קאַפּיטאַן) נאַ !

ק אַ פּ י ט אַ ן. (הויבט שנעל אויף דעם רינג און בעהאַלט איהם אין וועסטעל־קעשענע) זי וואַרפט אַוועק דעם רינג. זאָל דער עדות דאָס גוט אין אַכט נעהמען.

אַ ל י ס ע. (הויבט זיך אויף פול מיט צאָרן) און דו ווילסט מיך אַרויסוואַרפען און אַריינגעהמען אין מיין הויז אַן אַנדער ווייב ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ !

אַ ל י ס ע. נו, אויב אַזוי וועלען מיר רעדען גאַנץ אָפען. — קורט, איך בעשולדיג דעם מאַן אין וועלען ערמאָרדען זיין פרוי.

ק ו ר ט. געוואָלט ערמאָרדען ?

אַ ל י ס ע. ער האָט מיך געוואָלט אַריינוואַרפען אין ים.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ס'איז אָבער נישטאָ קיין עדות.

אַ ל י ס ע. ס'איז אַ ליגען. יודיטה איז דערביי געווען און האָט עס געזעהן.

ק אַ פּ י ט אַ ן. נו, וואָס פאַר אַ ווערטה האָט דאָס ?

אַ ל י ס ע. זי קען דאָס איבערצייגען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין. דאָס קען זי נישט, ווייל זי זאָגט, אַז זי האָט גאָרנישט געזעהן.

אַ ל י ס ע. דו האָסט איהר געלערענט צו זאָגען ליעגען.

ק אַ פּ יט אַ ן. איך האָב דאָס נישט געדאַרפט, ווייל דו האָסט זי שוין אַליין געלערענט.

אַ ל י ס ע. דו האָסט דאָרט יודיטה'ען געטראָפען ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ.

אַ ל י ס ע. אָה גאָט ! אָה גאָט !

ק אַ פּ י ט אַ ן. די פעסטונג איז אויפגעגעבען. דעם שונא

איז בעווילינגט צעהן מינוט צייט, פריי אַבצוציהען ! (ער לעגט זיין זייגער אויפ'ן טיש) צעהן מינוט. דער זייגער ליעגט אויפ'ן טיש ! (בלייבט שטעהן מיטביידע הענד אויפ'ן האַרצען).

אליסע. (לויפט צו צו איהם און נעהמט זיין אָרים) וואָס איז ?

קאַפּיטאַן. איך וויים נישט.

אליסע. ווילסט עפּעס ? ווילסט פיעלייכט עפּעס טרינקען?

קאַפּיטאַן. בראַנפען ? ניין, איך וויל נישט שטאַרבען ! דו — (גלייכט זיך אויס) ריהר מיך נישט אָן ! — צעהן מינוטען, אָדער די סאָלדאַטען אין דער פעסטונג ווערען אויסגעשלאַכטעט. (געהט אָב דורכ'ן הינטערגרונד).

קורט. וואָס איז דאָס פאַר אַ מענש ?

אליסע. דאָס איז אַ טייפעל, נישט קיין מענש.

קורט. וואָס וויל ער מיט מיין זוהן ?

אליסע. ער וויל איהם האַלטען אַלס משכון, כדי ער זאָל קענען הערשען איבער דיר. ער וויל דיך דערווייטערען פון אַלע הערשענדע דאָ אויפ'ן אינזעל — ווייסטו אַז די בעפעלקערונג וואָס וואָהנען דאָ האָבען דעם אינזעל אַ נאָמען געגעבען : „קליינער גיהנום" ?

קורט. דאָס האָב איך נישט געוואוסט... אַליסע, דו ביזט די ערשטע פרוי וואָס האָט אין מיר דערוועקט מיטלייד. אַלע אַנ־דערע פרויען וואָס איך האָב ביז יעצט בעגעגענט, האָב איך גע־מיינט אַז זיי פערדיענען זייער שיקזאַל.

אליסע. פערלאָז מיך נישט יעצט ! געה נישט אַוועק פון מיר, וואָרום ער וועט מיך שלאָגען — ער האָט מיך געשלאָגען די גאַנצע פינף־און־צוואַנציג יאָהר — און אין דער געגענוואַרט פון די קינדער — ער האָט מיך געוואָלט אין ים אַריינוואַרפען.

קורט. הערענדיג דאָס אַלעס, בין איך פון היינט אָן געגען איהם. איך בין אַהער געקומען מיט אַ ריינעם געוויסען, אָהן די עראינערונגען פון זיינע פריהעריגע פערלוימדונגען, און פון זיין וועלען מיך דאַמאָלס ערניעדעריגען. איך האָב איהם פערצייהעט זאָגאַר דאַן ווען דו האָסט מיר דערצעהלט אַז ער איז דער יעניגער וואָס האָט מיך צושיידט פון מיינע קינדער — ווייל ער איז געווען קראַנק, און האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען — אָבער יעצט ווען ער

וויל נאָך פון מיר אוועקרויבען מיין זוהן, מוז ער שטאַרבען, ער אָדער איך!

אַ ל י ס ע. גוט! נישט אויפגעבען די פעסטונג, זאָנדערן זי מאַכען פליהען אין דער לופטען מיט איהם צוזאַמען, ווען ס'זאָל אונז אפילו קאָסטען אונזערע לעבענס אויך! דעם פולווער וועל איך שוין בעזאָרגען.

ק ו ר ט. איך בין אהער געקומען אין אַ גוטער שטימונג, און האָב געוואָלט אַנטלויפען אַזוי שנעל ווי איך האָב דערפיהלט אַז איך ווער אָנגעשטעקט פון אייער האַס. אָבער אַצינד פיהל איך אַן אונווידערשטעהליכע נייגונג דיזען מענשען צו האַסען, ווי מען האַסט יעדע שלעכטע זאַך... וואָס קען מען טהאָן?

אַ ל י ס ע. די טאַקטיק האָט ער מיך געלערענט. צוזאַמענרופען זיינע פריינד און זוכען בונדיסטען. איך ווייס די שטעלען וואו מען קען איהם אַממייסטענס פערוואונדען.

ק ו ר ט. ווער איז זיין גרעסטער שונא דאָ אויפ'ן אינזעל?

אַ ל י ס ע. דער קוואַרטיר־מייסטער. *)

ק ו ר ט. איז ער אַן עהרליכער מאַן?

אַ ל י ס ע. יאָ, ער איז!... און ער ווייס וואָס איך... איך ווייס דאָס אויך... ער ווייס די געשיכטע וואָס איז פאָרגעקומען צווישען דעם אויבער־פעלדפעבעל און דעם קאַפּיטאַן.

ק ו ר ט. וואָס צווישען זיי איז פאָרגעקומען? וואָס מיינסטו?

אַ ל י ס ע. זיי האָבען גע'גנב'עט פון דעם געלד וואָס ס'ווערט זיי אַנפערטרויט.

ק ו ר ט. דאָס איז שרעקליך! דערמיט וויל איך נישט האָבען צו טהאָן. דערצו וויל איך זיך נישט צוריהרען! —

אַ ל י ס ע. האַ־האַ! דו קענסט נישט דערשלאָגען דיין שונא!

ק ו ר ט. אַמאָל האָב איך דאָס געקענט, אָבער היינט קען איך דאָס נישט מעהר.

אַ ל י ס ע. וואָרום נישט?

---

*) אַ בעאַמטער וועלכער האָט צו זאָגען אויף די נעהרונג אין לאַגער פון סאָלדאַטען.

ק ו ר ט. ווייל איך האב אויסגעפונען אז גערעכטיגקייט הערשט דאך.

א ל י ס ע. דו ווארט נור פאר גערעכטיגקייט, אבער ביז דאן וועט ער שוין האבען צוגענומען דיין זוהן. גיב נאר א קוק אויף מיינע גראהע האאר... יא, פיהל נאר ווי געדיכט זיי זיינען נאך... ער האט די אבזיכט זיך ווידער צו פערהייראטהען, און דאן בין איך פריי — דאס זעלבע צו טהאן! — — איך בין פריי, און מיט צעהן מינוטען שפעטער וועט ער דא זיצען אונטען אין ארעסטיר־טער. דא אונטען! (קלאפט מיט איהר פוס אויפ'ן באדען) דא אונטען — און איך וועל טאנצען איבער זיין קאפ! איך וועל טאנצען „דעם איינצוג פון די באיארען" (מאכט אייניגע טאנץ־בעוועגונגען מיט איהרע הענד און מיט איהרע זייטען) הא־הא־הא־הא! איך וועל שפיעלען אויף דער פיאנא, אזוי אז ער זאל דאס קענען הערען! (האמערט ארום אויף דער פיאנא) אה, דער טהורם עפענט פער־נאנדער זיינע טהויערען! און די וואך מיט די ארויסגעצויגענע זעבלען, וועלען מיך שוין מעהר ניט בעוואכען... זאנדערן איהם וועט זי בעוואכען (זינגט זיך אונטער) איהם, איהם, איהם!

ק ו ר ט. (האט איהר בעטראכט די גאנצע צייט מיט פער'שכור'טע אויגען) אליסע, ביזטו אויך א טייפעל?

א ל י ס ע. (שפרינגט ארויף אויף א שטוהל און רייסט ארונטער די לארבער־קראנצען) ווען איך וועל אוועק, וועל איך זיי מיטנעהמען מיט זיך. — דאס זיינען די לארבער־קראנצען פון טריאומפף! און פלאטערענדע זיידענע סטענגעס! זיי זיינען אביסעל שטויביג, אבער אימער גרין, ווי מיין יוגענד! — איך בין נישט אלט, קורט!

ק ו ר ט. (מיט גלאנצעדיגע אויגען) דו ביזט א טייפעל!

א ל י ס ע. אין דעם „קליינעם גיהנום"!... הער, יעצט מאך איך זיך צורעכט מיינע האאר (לאזט פערנאנדער איהרע האאר) און אין צוויי מינוטען בין איך אנגעקליידעט... און אין צוויי מינוטען בין איך ביים קווארטיר־מייסטער... און דאן: די פעסטונג אין דער לופט!

ק ו ר ט. (ווי פריהער) דו ביזט א טייפעל!

א ל י ס ע. דאס האסטו נאך געזאגט ווען מיר זיינען געוועזן קינדער! ערינערסטו זיך ווען מיר זיינען געוועזן קינדער, און

זיך געשפּיעלט אין חתן־כלה ? האַ־האַ ! דו ביזט נאַטירליך געװען אַ שעמעװדיגער.

ק ו ר ט. (ערנסט) אַליסע !

אַ ל י ס ע. יאַ, דו ביזט עס געװען, און דאָס האָט דיר זעהר שעהן געפּאַסט. דו זעהסט, עס איז פאַראַן ניעדעריגע פרױען װעלכע ליעבען שעמעװדיגע מענער — און ס'זאָל אױך זײן שעמעװדיגע מענער װעלכע זאָלען ליעבען ניעדעריגע פרױען... דו האָסט דאָך מיר דאַמאָלס ליעב געהאַט, נישט אמת ?

ק ו ר ט. איך װײס נישט אין װעמענס הױז איך בין.

אַ ל י ס ע. אין אַ שװישפּיעלערינס, װעלכע האָט פרײע מאַנירען, און איז אָבער דאָך אַן אױסגעצײכענטע פרױ. יאַ, יאַ ! און יעצט בין איך פרײ, פרײ !... דרעה זיך אום, און איך װעל אָנטהאָן אַן אנדער בלוזע.

(זי שפּילעט אױף איהר בלוזע. קורט לױפט צו צו איהר. כאַפּט איהר אױף זײנע בײדע אָרעמס, הױבט זי זהױך אױף, בײסט אַײן איהר האַלז, אַזױ אַז זי שרײט. דאַן װאַרפט ער זי אױף דער סאָפאַ, און לױפט אַרױס לינקס).

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

# פיערטער אַקט

(די זעלבע דעקאָראַציאָן. ס'איז פאַר נאַכט. דעם װאַך־סאָלדאַט אױף דער באַטעריע זעהט מען נאָך אַלץ דורך די פענסטער פון הינטער־גרונד. די לאָרבער־קראַנצען הענגען איבער'ן לעהן פון אַ שטוהל. דער הענגלאָמפּ איז אָנגעצונדען.

דער קאַפּיטאַן בלײך, מיט אײנגעפאַלענע אױגען, מיט עטװאָס גראָהע האָאר, געקלײדעט אין אַן אָבגעטראָגענעם יוניפאָרם, מיט רײט־שטיװעל, זיצט בײם שרײב־טיש און שפּיעלט מיט זיך אַלײן אַ מין אײנזאַמען שפּיעל. ער טראָגט ברילען.

דער קאַפּיטאַן שפּיעלט, אָבער ווײַלע־ווײַז ציטערט ער אויף פון שרעק און קוקט אַרום זיך פול מיט פּחד.

עס זעהט אויס ווי דער שפּיעל וויל זיך ביי איהם ניט ענדיגען, ווערט ער אונגעדולדיג און לעגט צוזאַמען די קאַרטען. דאַן געהט ער צו צום לינקען פענסטער, עפענט עס און וואַרפט זיי אַרויס. דאָס פענסטער בלייבט אָפען, און הוידעט זיך הין און צוריק אויף די זאַוויעסעס.

ער געהט צו צום שראַנק. ווערט אָבער דערשראָקען פון דעם ליאַרם וואָס דאָס פענסטער מאַכט, אַזוי אַז ער דרעהט זיך אום, אום צו זעהן וואָס דאָס איז. דאַן נעהמט ער דריי דונקעלע פיער־עקיגע בראַנפען־פלעש־לעך, בעטראַכט זיי געננוי — און וואַרפט זיי אַרויס דורכ'ן פענסטער.

איצט נעהמט ער אַרונטער זיינע ברילען, ווישט זיי אויס, און פּרופט זעהן ווי ווייט ער קען אויף זיי קוקען. דאַן וואַרפט ער זיי אַרויס דורכ'ן פענסטער.

ער געהט אַרום צווישען די מעבעל און טאַפּט ווי ער וואָלט נישט קענען זעהן, און צינדט אָן זעקס ליכט אויף אַ לייכטער, וואָס שטעהט אויפ'ן שיפאָניער. ער דערזעהט די לאָרבער־קראַנצען , בעטראַכט זיי, וויל זיי אויך אַרויסוואַרפען, האַלט זיך אָבער צוריק, און נעהמט אַרונטער דאָס איבערצוג פון דער פּיאַנאָ, וויקעלט איין פאָרזיכטיג די קרענץ, פערשפּילענדיג די עקען מיט שפּילקעס וועלכע ער נעהמט פון שרייב־טיש, און לעגט דאָס אַוועק אויף אַ שטוהל. נאָכהער געהט ער צו צו דער פּיאַנאָ, קלאַפּט מיט דער פויסט אויף די קלאַווישען, פערשליסט זי, און וואַרפט דעם שליסעל אַרויס דורכ'ן פענסטער. דאַן צינדט ער אָן ליכט אויף איהר. ער געהט צו צו דער עטאַזשערקע, נעהמט זיין פרוי'ס בילד, קוקט דערויף, און צורייסט עס און וואַרפט די שטיקלעך אויפ'ן באָדען. דאָס פענסטער טהוט אַ סקריפּע, ער דערשרעקט זיך ווידער. בערוהיגט זיך אָבער, און נעהמט דאָס בילד פון זיינע קינדער, קושט עס, און בעהאַלט עס אין בוזים־קעשענע, די איבעריגע בילדער וואַרפט ער אַרונטער מיט'ן עלענבויגען און שאַרט זיי צוזאַמען מיט'ן פוס אויף איין הויפען.

דאַן זעצט ער זיך אַ מיעדער ביים שרייב־טיש, און כאַפּט זיך אָן פאַר'ן האַרץ. צינדט אָן ליכט אויפ'ן שרייב־טיש און זיפצט. קוקט שטאַר פאַר זיך ווי ער וואָלט זעהן אונאַנגענעהמליכע געזיכטער. ער הויבט זיך אויף, געהט צו צום שיפאָניער און נעהמט אַרויס אַ פּעקעל בריעף אַרומ־

געבונדען מיט בלאָה־זײַדענע בענדלעך. װאַרפט דאָס אין קאַבעל־אױװען און פֿערמאַכט דאַן דעם שיפֿאָניער.

דער טעלעגראַף גיט דאַן אַ קלאַפּ און װערט װידער שטיל. דער קאַפּיטאַן ברעכט צוזאַמען אין אַ טױטליכער שרעק, און בלײַבט שטעהן מיט דער האַנד אויפֿ'ן האַרצען, צוהערענדיג זיך. אָבער אַזױ װי ער הערט ניט מעהר פֿון די טעלעגראַפֿען, הערט ער זיך צו נאָך דער טיהר לינקס. ער געהט צו, עפֿענט די טיהר און געהט דאָרט אַרײַן, אומקעהרענדיג זיך באַלד טראָגענדיג אַ קאַץ, װעלכע ער גלעט אויפֿ'ן רוקען. דאַן געהט ער אָב נאָך רעכטס).

---

אַ ל י ס ע. (קומט אַרײַן, איהרע האָאר זײַנען שװאַרץ. זי איז געקלײדעט צום אױסגעהן, טראָגט אַ הוט און װײַסע האַנדשוה. זי זעהט די פֿיעלע אָנגעצונדענע ליכט, קוקט זי זיך ערשטױנט אום).

ק ו ר ט. (זעהר נערװעז קומט אַרײַן פֿון לינקס).

אַ ל י ס ע. ס'זעהט דאָ אױס װי עס װאָלט געװען װײַהנאַכטס־אבענד.

ק ו ר ט. נו, װאָס הערט זיך?

אַ ל י ס ע. (שטרעקט איהם אויס איהר האַנד צום קושען) דאַנק מיר!

ק ו ר ט. (קושט נישט־װילענדיג איהר האַנד).

אַ ל י ס ע. כ'האָב זעקס עדות. צװישען זײ פֿיער װעלכע זײַנען פֿעלזען־שטאַרק. די אָנצײַגע איז שױן געמאַכט געװאָרען, און די אנטװאָרט װעט אהער קומען דורכ'ן טעלעגראַף — דאָ אהער אין מיטען פֿון דער פֿעסטונג.

ק ו ר ט. אַזױ!

אַ ל י ס ע. דו בעדאַרפֿסט בעסער זאָגען „אַ דאַנק" אנשטאַט „אַזױ".

ק ו ר ט. צו װאָס האָט ער אָנגעצונדען אַזױ פֿיעל ליכט?

אַ ל י ס ע. ס'זעהט אױס אַזױ װי ער װאָלט זיך װעלען איבערקלײַבען פֿון דאַנען. אָבער דאָ אַרונטער װעסטו זיך בײַ מיר איבערקלײַבען.

ק ו ר ט. רײד נישט אַזױ, אַליסע.... ס'איז שרעקליך... ער איז געװען מײַן יוגענד־פֿרײַנד. און האָט מיר מאַנכעס מאָל אַרױס־

געהאָלפֿען ווען איך בין געווען אין נויטה. ס'איז אַ רחמנות אויף איהם.

א ל י ס ע. און אויף מיר נישט ? איך, וואָס האָב קיינעם קיין שלעכטס געטהאָן, און האָב געמוזט אָפּפּערען מיין קאריערע צוליעב דיעזען שרעקליכען מענשען.

ק ו ר ט. וואָס־זשע איז דיין קאַריערע, טאַקע געווען אַ גלענ־צענדע ?

א ל י ס ע. (אין כעס) וואָס זאָגסטו ? ווייסטו ווער איך בין? ווייסטו ווער איך בין געווען ?

ק ו ר ט. נו, נו !

א ל י ס ע. דו פאַנגסט שוין אויף אָן ?

ק ו ר ט. שוין ?

א ל י ס ע. (פאַלט איהם אויפ'ן האַלז און קושט איהם).

ק ו ר ט. (נעהמט איהר פאַר די ארומס, בייסט איהר האַלז, אַזוי אַז זי שרייט).

א ל י ס ע. דו בייסט מיך !

ק ו ר ט. (אויסער זיך) יא, איך וועל בייסען דיין האַלז, און זויגען דיין בלוט ווי אַ לוכסע. דו האָסט אין מיר דערוועקט די ווילדע חיה, וועלכע איך האָב יאָהרען־לאַנג געזוכט אין זיך צו טויטען דורך איינזאַמקייט און דורך יסורים וועלכע איך האָב זיך אַליין אָנגעטהאָן. ווען איך בין אהער געקומען, האָב איך געגלויבט אַז איך בין אַביסעל בעסער פון אייך, אָבער יעצט בין איך דער ערגסטער ! זינט איך האָב דיך געזעהן אין דיין גאַנצער שרעק־ליכע נאַקעטקייט, און זינט דו האָסט מיך פער'שכור'ט, און מיין געזיכט אָנגעצונדען מיט אַ ליידענשאַפטליכען פייער, פיהל איך די גאַנצע מאַכט פון יעדער בייזע קראַפט. וואָס איז געווען העסליך, איז געוואָרען שעהן, און וואָס ס'איז געווען גוט איז געוואָרען העס־ליך און געמיין ! — קום אהער און איך וועל דיך דערשטיקען מיט אַ קוש (ער אומאַרעמט זי).

א ל י ס ע. (צייגט איהם איהר לינקע האַנד)זעה די צייכענס פון די קייטען וועלכע דו האָסט צובראָכען. איך בין געווען אַ שקלאַף און דו האָסט מיך בעפרייעט !

ק ו ר ט. אָבער איך וועל דיך בינדען —

א ל י ס ע. דו ?
ק ו ר ט. יא, איך.
א ל י ס ע. אַן אויגענבליק האָב איך געדענקט אַז דו ביזט —
ק ו ר ט. אַ פרומער —
א ל י ס ע. יא, דו האָסט געפּלוידערט פון זינדען־פאַל —
ק ו ר ט. האָב איך ?
א ל י ס ע. און איך האָב געמיינט אַז דו ביזט אהער געקומען צו פּרעדיגען —

ק ו ר ט. אזוי האָסטו געמיינט, הא ? — — אָבער אין אַ שעה אַרום וועלען מיר זיין אין שטאָדט, און דאַן וועסטו זעהן ווער איך בין —

א ל י ס ע. דאַן וועלען מיר געהן היינט אָבענד אין טהעאַטער, אום זיך נור צו צייגען. און די שאַנדע פון מיין אַנטלויפען וועט ער ליידען. דו פערשטעהסט ?

ק ו ר ט. איך פאַנג אַן צו פערשטעהן, אַז געפענגעניש איז נישט גענוג —

א ל י ס ע. ניין. ס'איז נישט גענוג. ער מוז אויך ליידען די שאַנדע.

ק ו ר ט. אַ מאָדנע וועלט. דו בעגעהסט דעם שענדליכסטען טהאַט, און ער וועט דאַרפען ליידען די שאַנדע.

א ל י ס ע. ווען די וועלט איז אזוי נאַריש.

ק ו ר ט. ס'ווייזט אויס, ווי די געפענגעניש ווענט וואַלטען אין זיך האָבען אַריינגעזויגען אַלע שלעכטיגקייטען פון די פערברעכער. און מען דאַרף מעהר ניט ווי אָטהעמען, און מען זאַפּט זיי אַריין אין זיך. דו האָסט פריהער, גלויב איך, געדענקט פון טהעאַטער. איך אָבער, האָב געדענקט פון מיין זוהן.

א ל י ס ע. (שלאָגט איהם מיט איהר האַנדשוה איבער'ן מויל) דו אַלטמאָדישער מענש !

ק ו ר ט. (הויבט זיין האַנד, וועלענדיג איהר אַ פּאַטש געבען).
א ל י ס ע. (ווייכט צוריק) זעהר שעהן !
ק ו ר ט. פערצייהע מיר !
א ל י ס ע. אויף די קניע !
ק ו ר ט. (פאַלט אויף די קניע).

א ל י ס ע. כ׳יט׳ן געזיכט אויפ׳ן באָדען!

ק ו ר ט. (מיט דעם שטערן אויפ׳ן באָדען).

א ל י ס ע. גיב אַ קוש מיין פוס!

ק ו ר ט. (קושט איהר פוס).

א ל י ס ע. און מעהר זאָלסטו עס קיינמאָל נישט טהאָן! שטעה אויף!

ק ו ר ט. (הויבט זיך אויף) וואוהין בין איך געקומען? וואו בין איך?

א ל י ס ע. דו ווייסט דאָס.

ק ו ר ט. (קוקט זיך שרעקענדיג אַרום) איך גלויב ביינאַהע —

ק אַ פּ י ט אַ ן. (קומט אַריין פון רעכטס, זעהט אוים עלענד, און געהט אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקען) קען איך מיט דיר עפּעס רעדען, קורט — מיט דיר אַליין?

א ל י ס ע. האנדעלט זיך עס וועגען די פרייהייט צוריק־צוציהען?

ק אַ פּ י ט אַ ן. (זעצט זיך ביים נעה־טיש) ווילסטו נישט זיין אַזוי גוט, קורט, און זיך זעצען נעבען מיר פאַר אַ ווייל? און דו, אַליסע, וואָלסטו מיר פיעלייכט נישט געוואָלט שענקען אַ מי־נוט רוה?

א ל י ס ע. וואָס איז דאָס, נייע סיגנאַלען? (צו קורט׳ן) זיי אַזוי גוט, זעץ דיך. (קורט זעצט זיך נישט ווילענדיג) און הער זיך צו צו די ווערטער פון אַלטקייט און קלוגשאַפט. און ווען די טע־לעגראַמע וועט קומען... זאָלסטו מיר זאָגען. (אַב דורך לינקס).

ק אַ פּ י ט אַ ן. (ווירדיג, נאָך אַ פּויזע) קענסטו ערקלערען אַזאַ שיקזאַל ווי מיינס, ווי אונזערער?

ק ו ר ט. ניין. אַזוי ווייניג, ווי איך קען ערקלערען מיינס.

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָס קען זיין דער זין פון דיזער אונאָרדנונג?

ק ו ר ט. אין מיינע בעסערע מאָמענטען, האָב איך געגלויבט אַז דער זין איז גראַדע דאָס — אַז מיר זאָלען דעם זין נישט קענען דערגעהן, און דאָך זיך בויגען —

ק אַ פּ י ט אַ ן. זיך בויגען? אָהן אַ פעסטען פונקט אויסער מיר קען איך זיך נישט בויגען.

ק ו ר ט. גאַנץ ריכטיג. אָבער דו, אַלס אַ מאַטהעמאַטיקער,

דארפסט דאָך קענען געפינען דעם אונבעקאַנטען פונקט, ווען מען האָט דיר שוין מעהרערע בעקאַנטע געגעבען —

ק א פ י ט א ן. כ'האָב איהם געזוכט און — האָב איהם נישט געפונען.

ק ו ר ט. דאַן האָסטו שלעכט גערעכענט. רעכען איבער נאָך אַמאָל.

ק א פ י ט א ן. איך וועל איבעררעכענען נאָך אַמאָל... אָבער זאָג מיר, פון וואַנען נעהמט זיך צו דיר דיזע אונטערוואָרפענהייט ?

ק ו ר ט. איך האָב זי נישט. שאַץ מיך נישט מעהר וויפיעל איך האָב די ווערטה.

ק א פ י ט א ן. ווי דו האָסט שוין פיעלייכט בעמערקט, האָב איך די קונסט פון לעבען פערשטאַנען : אין מאַכען אַ קרייץ איבער אַלעם ! דאָס הייסט : פערשטרייך דאָס פערגאַנגענע און געה ווייטער. ווען איך בין נאָך געווען גאַנץ יונג, האָב איך זיך געמאַכט אַ זאַק אין וועלכען איך פלעג פערשטעקען אַלע מיינע ערניעדרונגען, און ווען ער איז שוין געווען פול, האָב איך איהם אריינגעוואָרפען אין ים. און איך גלויב אַז קיין שום מענש האָט נישט געליטען אַזוי פיעל ערניעדרונגען, וויפיעל איך האָב געליטען. אָבער ווען איך האָב זיי אויסגעשטראָכען, און בין זיי פערבייגעגאַנגען, האָבען זיי אויפגעהערט צו עקזיסטירען.

ק ו ר ט. איך האָב בעמערקט, ווי דו האָסט דיין לעבען און דיין אומגעבונג געמאָלען מיט אַ פּאָעטישער פּאָרשטעלונגס־קראַפט.

ק א פ י ט א ן. ווי דען וואָלט איך געקענט לעבען ? ווי אַזוי וואָלט איך עס דען געקענט אויסהאַלטען ? (לעגט זיינע הענד אויפ'ן האַרצען).

ק ו ר ט. ווי פיהלסטו זיך ?

ק א פ י ט א ן. שלעכט ! (פויזע) דאַן קומט אַ מאָמענט, ווען די פעהיגקייט צו דיכטען, ווי דו רופסט עס אָן, הערט אויף. און דאַן בעוויייזט זיך די ווירקליכקייט אין איהר גאַנצע נאַקעטקייט... דאָס איז שרעקליך. (ער רעדט יעצט מיט אַ וויינענדיגע שטימע, ווי אַן אַלטער מאַן, און די אונטערשטע העלפט פון דער מאָדנע הענגט ביי איהם אַרונטער) דו זעהסט מיין ליעבער פריינד... (בעהערשט זיך און רעדט מיט זיין געוועהנליכער שטימע) פערצייהע !... ווען איך

בין געוועץ אין שטאָדט און גערעדט מיט׳ן דאָקטאָר (ווידער מיט זיין וויינעדיגע שטימע) האָט ער געזאָגט אז איך בין שוין א צובראָכענער מענש (מיט זיין געוועהנליכע שטימע) און אז איך וועל שוין לאַנג ניט לעבען.

קורט. דאָס האָט ער געזאָגט?

קאַפּיטאַן. (מיט א וויינעדיגע שטימע) יא, דאָס האָט ער געזאָגט.

קורט. און דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט איז נישט אמת געוועזן?

קאַפּיטאַן. וואָס? אך, ניין... דאָס איז נישט געווען דער אמת.

קורט. און דאָס אַנדערע איז אויך נישט אמת?

קאַפּיטאַן. וואָס מיינסטו?

קורט. אז מיין זוהן ווערט געשיקט אהער אלס וואָלונטיר?

קאַפּיטאַן. איך האָב דאָס גאָר קיינמאָל נישט געהערט.

קורט. ווייסטו, דיין פעהיגקייט אויסצושטרייכען דיינע אייגענע שלעכטע טהאטען, איז אונבעגרענעצט.

קאַפּיטאַן. איך פערשטעה נישט, וואָס מיין ברודער זאָגט.

קורט. דאַן איז דיין ענדע שוין נישט ווייט.

קאַפּיטאַן. יא, קיין סך דאַרף שוין נישט נעהמען.

קורט. זאָג מיר, פיעלייכט האָסטו אויך נישט אָנגעגעבען א ביטע פאַר א שיידונג, וועלכע וועט בעשמוצען די עהרע פון דיין פרוי?

קאַפּיטאַן. א שיידונג? ניין. דערפון האָב איך נישט געהערט.

קורט. ווילסטו צוגעבען אז דו האָסט געזאָגט ליגען?

קאַפּיטאַן. דו בענוצט אזעלכע שטאַרקע ווערטער, מיין ברודער. מיר דאַרפען אַלע האָבען גערולד.

קורט. אָה, האָסטו זיך דאָס שוין ענדליך איבערצייגט?

קאַפּיטאַן. (בעשטימט, מיט א קלאָהרע שטימע) יא, איך האָב זיך דאָס איבערצייגט... פערצייהע מיר דערפאַר, קורט! פערצייהע מיר אַלעס!

קורט. זעהסטו, דאָס זיינען ווערטער פון א מאַן!... איך

האָב דיר גאָרנישט צו פערצייהען. און איך בין אויך נישט מעהר דער מענש, פאַר וועלכען דו האַלטסט מיך. יעצט נישט מעהר! איך בין יעצט ווענינסטענס דער, וועלכער איז ווערטה געווען אויס־צוהערען דיין ווידוי.

ק א פּ י ט א ן. (מיט א קלאָהרע שטימע) דאָס לעבען איז געווען אזוי וואונדערליך — אזוי שטאָלץ, אזוי בייזהאַפט — פון מיין קינדהייט אָן — און די מענשען אזוי שלעכט, אז איך אליין בין אויך צווישען זיי שלעכט געוואָרען —

ק ו ר ט. (געהט אונרוהיג אַרום איבער׳ן צימער און בליקט אויפ׳ן טעלעגראַפישען אינסטרומענט) קען מען אָפּשטעלען אזא טע־לעגראַפישען אינסטרומענט?

ק א פּ י ט א ן. זעהר שווער.

ק ו ר ט. (ווערט וואָס אַמאָל מעהר אונרוהיג) ווער איז דער אבער־פעלדפעבעל עסבערג?

ק א פּ י ט א ן. אַן עהרליכער מענש. אביסעל מעשה סוחר, אָבער עהרליך.

ק ו ר ט. און ווער איז דער קוואַרטיר־מייסטער?

ק א פּ י ט א ן. ער איז מיינער א שונא. אָבער דאָך, איך האָב געגען איהם גאָר קיין שלעכטס אויסצוזעצען.

ק ו ר ט. (קוקט אַרויס דורכ׳ן פענסטער דורך וועלכער מען זעהט ווי א לאַנטערנע בעוועגט זיך הין און צוריק) וואָס טהוען זיי דאָרט אין דרויסען אויף דער באַטערעע מיט דער לאַנטערנע?

ק א פּ י ט א ן. איז דאָס א לאַנטערנע?

ק ו ר ט. און אויך מענשען זעהען זיך דאָרט.

ק א פּ י ט א ן. ס׳מוז זיין א „האַנד־רייכונג״, ווי מיר רופען עס.

ק ו ר ט. וואָס איז דאָס?

ק א פּ י ט א ן. עטליכע מענער און א ראָט־מייסטער געהען דאָרט מסתמא איינעם אַרעסטירען.

ק ו ר ט. אַך! (פויזע).

ק א פּ י ט א ן. יעצט ווען דו קענסט אַליסע׳ן, זאָג מיר, וואָס פאַר א מיינונג האָסטו וועגען איהר?

ק ו ר ט. איך קען דאָס נישט זאָגען. איך פערשטעה זיך גאָר

אין גאַנצען נישט אויף מענשען. זי איז פאַר מיר אַזוי אונער־קלעהרליך, פונקט ווי דו ביזט פאַר מיר, אָדער ווי איך בין זיך אַליין. איך פאַנג נעמליך אָן צו קומען אין דער עלטער, ווען דער מענש פאַנגט אָן איינצוזעהן אַז ער פערשטעהט גאָרנישט און ווייס גאָרנישט. אָבער ווען איך זעה אַ האַנדלונג, ליעב איך אימער צו ווי־סען וואָס האָט פעראורזאַכט די האַנדלונג... וואָרום האָסטו זי גע־וואָלט אריינוואַרפען אין ים?

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך ווייס נישט. אַזוי ווי זי איז געשטאַנען אויפ'ן האַפען, האָט עס מיר אויסגעוויזען גאַנץ נאַטירליך אַז עס וואָלט בעסער געווען ווען זי זאָל זיין אין וואַסער.

ק ו ר ט. האָסטו אַמאָל חרטה געהאַט דערויף?

ק אַ פּ י ט אַ ן. קיין מאָל נישט.

ק ו ר ט. דאָס איז זאָנדערבאַר!

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ, געוויס איז דאָס זאָנדערבאַר, אַז איך קען זיך גאָר אַליין נישט גלויבען אַז, אַז איך בין געווען דער יע־ניגער וואָס איז בעגאַנגען אַזאַ נידריגע האַנדלונג.

ק ו ר ט. האָסטו זיך גאָר נישט פאַרגעשטעלט אַז זי וועט נעהמען ראַכע דערפאַר?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ווי עס צייגט אויס, האָט זי דאָס גענומען אין אַ פולער מאָס, און דאָס צייגט מיר אויך אויס צו זיין נאַטירליך.

ק ו ר ט. ווי האָסטו געקענט אַזוי מיט איינמאָל קומען צו דיזער ציינישער אונטערוואַרפונג?

ק אַ פּ י ט אַ ן. זייט איך האָב געקוקט דעם טויט אין געזיכט אַריין, זעה איך דאָס לעבען פון אַן אַנדערן שטאַנד־פּונקט. זאָג מיר, ווען דו וואָלסט בעדאַרפט אורטהיילען צווישען מיר און אַליסע'ן, וועמען וואָלסטו גערעכט געגעבען?

ק ו ר ט. קיינעם פון אייך. איך וואָלט אייך ביידען געגעבען מיין אונבעגרענעצטע מיטלייד. דיר פיעלייכט עטוואָס מעהר.

ק אַ פּ י ט אַ ן. גיב מיר דיין האַנד קורט!

ק ו ר ט. (גיט איהם זיין האַנד, און די צווייטע לעגט ער אויף זיין אַקסעל) אַלטער פריינד!

אַ ל י ס ע. (קומט אַריין פון לינקס, זי טראָגט אַ זונען־שירעם)

ווי האַרמאָניש ! אָה, די פריינדשאַפט !... איז די טעלעגראַמע נאָך נישט געקומען ?

ק ו ר ט. (קאַלט) ניין.

א ל י ס ע. דאָס לאַנג וואַרטען מאַכט מיך אונגעדולדיג !... דו זעהסט, קורט, יעצט קריגט ער דעם לעצטען שאַס, און יעצט פאַלט ער ! צוערשט לאָד איך אָן — איך קען די געוועהר־לעהרע, די בעריהמטע געוועהר־לעהרע מיט איהרע פינף טויזענד אונ־פערקויפטע עקזאַמפּלאַרען — און יעצט ציעל איך — פייער ! (זי ציעלט מיט איהר זונען־שירעם) ווי געהט עס עפּעס דיין נייע פרוי, יענע יונגע, שעהנע אונבעקאַנטע ! דאָס ווייסטו נישט, אָבער ווי מיין ליעבהאָבער געהט ווייס איך יא. (זי נעהמט קורט'ן אַרום ביים האַלז און קושט איהם. ער שטויסט זי פון זיך אַוועק). ער איז זעהר גוט. נאָר נאָך אביסעל שעמעוודיג !... און דו נאַר, ווען איך האָב קיינמאָל נישט געליעבט — דו וואָס ביזט געווען צו שטאָלץ צו זיין אייפערזיכטיג — האָסט קיינמאָל נישט געזעהן ווי איך האָב דיך געפיהרט ביי דער נאָז.

ק א פּ י ט א ן. (ציהט אַרויס דעם זעבעל, לויפט צו צו איהר, ציעלט עטליכע מאָל, טרעפט אָבער נור די נועבעל).

א ל י ס ע. הילפע ! הילפע ! (קורט ריהרט זיך נישט פון אָרט).

ק א פּ י ט א ן. (פאַלט מיט דעם זעבעל אין דער האַנד) יודיטה ! נעהם ראַכע פאַר מיר !

א ל י ס ע. הוראַה ! ער שטאַרבט !

ק ו ר ט. (ציהט זיך צוריק נאָך דער הינטערגרונד טיהר).

ק א פּ י ט א ן. (הויבט זיך אויף). נאָך נישט ! (ער שטעקט אַריין דעם זעבעל, און זעצט זיך אויפ'ן לעהנ־שטוהל ביים שרייב־טיש) יודיטה ! יודיטה !

א ל י ס ע. (געהט צו צו קורט'ן) יעצט געה איך מיט דיר !

ק ו ר ט. (שטויסט זי אַוועק פון זיך, אַזוי אַז זי פאַלט אויף די קניע) געה צוריק אין אָבגרונד פון וואַנען דו ביזט געקומען ! זיי געזונד פאַר אימער ! (לאָזט זיך געהן).

ק א פּ י ט א ן. געה נישט אַוועק פון מיר, קורט ! זי וועט מיך דאָ דער'הרג'ענען !

א ל י ס ע. קורט, פערלאָז מיך נישט ! פערלאָז מיך נישט !

ק ו ר ט. זייט געזונד! (ער געהט אָב).

א ל י ס ע. (מיט אַ פּלוצלינגע ענדערונג אין איהר שטעלונג)

וואָס פאַר אַ שופט! דאָס איז דאָך דיין פריינד!

ק אַ פּ י ט אַ ן. (ווייך) פערצייהע מיך, אַליסע. און קום אהער — קום שנעל!

א ל י ס ע. דאָס איז געווען דער גרעסטער שופט, דער גרעס־טער היפּאָקריט, וואָס איך האָב אין מיין לעבען אָנגעטראָפען!... ווייסטו אז דו ביזט יעדענפאַלס אַ מאַן!

ק אַ פּ י ט אַ ן. הער אַליסע, איך וועל שוין לאַנג ניט לעבען.

א ל י ס ע. אזוי?

ק אַ פּ י ט אַ ן. דער דאָקטאָר האָט דאָס מיר געזאָגט.

א ל י ס ע. דאַן איז דאָס איבריגע אויך נישט אמת?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין.

א ל י ס ע. (אויסער זיך) אָה, וואָס האָב איך געטהאָן?

ק אַ פּ י ט אַ ן. אַלעס קען געענדערט ווערען.

א ל י ס ע. ניין. דאָס קען מען שוין נישט ענדערן.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ס'איז נישטאָ קיין שום זאַך מען זאָל דאָס נישט קענען ענדערן. מען שטרייכט עס דורך און מען געהט ווייטער.

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָס פאַר אַ טעלעגראַמע?

א ל י ס ע. (אויף די קניע נעבען קאַפּיטאַן) מיר זיינען פער־לוירענע! מוז דאָס אזוי געשעהן? איך האָב אַליין געגראָבען אַ גרוב אונטער אונז. וואָרום האָסטו מיך בעדאַרפט אָפּנאַרען? און וואָרום האָט בעדאַרפט קומען דיזער מאַן און מיך אויפרייצען... מיר זיינען פערלוירען! מיט דיין בעסטען ווילען וועסטו מיר עס נישט קענען פערצייהען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָס איז דאָס, וואָס מען קען נישט פער־צייהען? און וואָס האָב איך דיר שוין ניט פערצייהעט?

א ל י ס ע. דו האָסט רעכט... אָבער דערצו איז שוין קיין הילפע נישטאָ.

א ל י ס ע. אָבער די טעלעגראַמע! די טעלעגראַמע!

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך קען נישט פערשטעהן וואָס דו מיינסט. כאָטש איך קען דיין טאַקטיק און נידערטרעכטיגקייטען.

א ל י ס ע. אַך, ווען איך זאָל נור קענען ארויס דערפון. איך

וואָלט פאַר דיר געזאָרגט. איך וואָלט אויף דיר אַכטונג געגעבען... איך וואָלט דיך געליעבט!

קאַפּיטאַן. הער נור! איך ווייס גאָר נישט וואו איך געפין זיך!

אליסע. פיעלייכט קען אונז עמיצער העלפען!... אָבער ניין, קיינער קען אונז שוין ניט העלפען.

קאַפּיטאַן. ווער־זשע דען קען העלפען?

אליסע. (קוקט איהם אין די אויגען אַריין) איך ווייס נישט! דענק נור וואָס עס וועט ווערען פון די קינדער, ווען זייער נאָמען וועט ענטעהרט ווערען — — ?

קאַפּיטאַן. האָסטו דען ענטעהרט דעם נאָמען?

אליסע. נישט איך! נישט איך!... און דאַן וועלען זיי מוזען פערלאָזען די שוהלע, און ווען זיי וועלען ארויס אין דער וועלט, וועלען זיי זיין אַזוי עלענד, ווי מיר זיינען. און אַזוי פיינד־זעליג ווי מיר!... אויב אַזוי פערשטעה איך, האָסטו יודיטה׳ן אויך נישט געטראָפען?

קאַפּיטאַן. ניין. אָבער פאָלג מיך, און שטרייך עס דורך.

(דער טעלעגראַף קלאַפּט. אַליסע שפּרינגט אויף).

אליסע. (שרייט) יעצט איז געקומען דער אונגליק איבער אונז! (צום קאַפּיטאַן) הער זיך נישט צו!

קאַפּיטאַן. (רוהיג) איך וועל זיך נישט צוהערען, מיין קינד, בערוהיג זיך! —

אליסע. (שטעהט ביים טעלעגראַף, הויבט זיך אויף אויף די שפּיץ פינגער אום אַרויסצוקוקען דורכ׳ן פענסטער) הער נישט! הער נישט!

קאַפּיטאַן. (האַלט זיך צו ביי די אויערען) ליזע, מיין קינד, איך האַלט צו מיינע אויערען.

אליסע. (פאַלט אויף די קניע, מיט אויסגעשטרעקטע הענד) גאָט העלף אונז! די האַנד־רייכונג קומט — (וויינט הויך) גאָט אין הימעל! (זי שיינט צו בעוועגען איהרע ליפּען ווי צו אַ שטילען געבעט. דער טעלעגראַף קלאַפּט נאָך אַ ווייַלע און אַ לאַנגער פּאַס ווייסער פּאַפּיר קריכט אַרויס. דאַן ווערט אין גאַנצען שטיל).

אליסע. (הויבט זיך אויף, רייסט אָב דאָס פּאַפּיר און לעזט

עס שטיל. דאַן הויבט זי אויף איהרע אויגען אין דער הויך. געהט צו צום קאַפּיטאַן און גיט איהם אַ קוש אויפ'ן שטערן) עס איז שוין פערביי... ס'איז גאַרנישט געווען! (זי זעצט זיך אויפ'ן צווייטען שטוהל, לעגט צו דאָס טאַשען־טיכעל צום געזיכט, און צואוויינט זיך זעהר שטאַרק)

קאַפּיטאַן. וואָס איז דאָס פאַר אַ געהיימניס?

אליסע. פרעג נישט. דאָס איז שוין יעצט פאַראיבער.

קאַפּיטאַן. ווי דו ווילסט, מיין קינד.

אליסע. דו וואָלסט אַזוי מיט דריי טעג צוריק נישט גערעדט. פון וואָס איז דאָס געקומען?

קאַפּיטאַן. דו זעהסט, מיין טהייערע, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געפאַלען, בין איך געווען מעהר ווי העלפט אויף דער אַנדערער זייט גרוב. וואָס איך האָב דאַן געזעהן, האָב איך פערגעסען. אָבער דער איינדרוק איז נאָך געבליבען.

אליסע. וואָס איז דאָס געווען?

קאַפּיטאַן. די האָפנונג — אויף עטוואָס בעסערס.

אליסע. עטוואָס בעסערס?

קאַפּיטאַן. יאָ. אַז דאָס זאָל זיין דאָס ריכטיגע לעבען, האָב איך איינענטליך קיינמאָל ניט געוואָלט גלויבען. דאָס איז דער טויט! אָדער נאָך עטוואָס ערגערס —

אליסע. און מיר —

קאַפּיטאַן. האָבען וואהרשיינליך געהאַט די אויפגאַבע צו פּייניגען איינער דעם אַנדערן... אַזוי ווענינגסטענס זעהט עס אויס.

אליסע. האָבען מיר שוין גענוג געפּייניגט איינער דעם אַנדערן?

קאַפּיטאַן. יאָ. איך דענק אַזוי. (קוקט זיך ארום) צום ביישפּיעל, ווען מיר זאָלען אַלעס צוריק אויפראַמען? און ריין מאַכען דאָס הויז?

אליסע. (הויבט זיך אויף) יאָ, ווען עס איז נור מעגליך.

קאַפּיטאַן. (קוקט זיך אַרום אין צימער) ס'קען נישט געמאַכט ווערען אין איין טאָג — ניין, נישט אין איין טאָג.

אליסע. דאַן אין צוויי! אין פיעלע טעג!

קאַפּיטאַן. לאָמיר אַזוי האָפען (פּויזע, ער זעצט זיך ווי־

דער) אזוי ביזטו דאָס מאָל אויך נישט פריי געוואָרען, אָבער אויך מיך האָסטו נישט אַרעסטירט. (אַליסע קוקט אויף איהם, איהר קערפּער ציטערט). יא, איך ווייס אז דו האָסט מיך געוואָלט אַריינ־זעצען אין געפענגניס, אָבער איך שטרייך עס דורך... איך גלויב אז דו האָסט שוין געטהאָן ערגערעס ווי דאָס — (אַליסע קען קיין וואָרט נישט ריידען) און אין דער גנבה אין וועלכער דו בעשולדיגסט מיך, בין איך אויך אונשולדיג.

א ל י ס ע. און יעצט איז דיין מיינונג, אז איך זאָל ווערען דיין קראַנקען־וועכטערין ?

ק א פּ י ט א ן. ווען דו זאָלסט עס נור וועלען !

א ל י ס ע. וואָס דען אַנדערס האָב איך צו טהאָן ?

ק א פּ י ט א ן. איך ווייס נישט.

א ל י ס ע. (זעצט זיך אַוועק. זי איז בעטויבט און פערצווייפעלט) דאָס זיינען די אונאויפהערליכע יסורים. איז דען צו זיי קיין ענדע נישטאָ ?

ק א פּ י ט א ן. יא. מיר דאַרפען נור זיין געדולדיג. ס'קען זיין אז דאָס לעבען פאַנגט זיך ערשט אָן דאַן, ווען דער טויט קומט.

א ל י ס ע. ווען עס זאָל נור זיין אַזוי. (פּויזע).

ק א פּ י ט א ן. גלויבסטו אַז קורט איז אַ היפּאָקריט ?

א ל י ס ע. געוויס גלויב איך דאָס.

ק א פּ י ט א ן. און איך נישט. אָבער אַלע וואָס קומען אין נאָהנטע בעריהרונג מיט אונז ווערען שלעכט, און געהען נאָכהער זייער וועג... קורט איז געווען שוואַך, און דאָס שלעכטע איז שטאַרק (פּויזע) זעה ווי וואָכעדיג דאָס לעבען איז אַצינד ! אָבער איך בין במעט זיכער אַז אין דריי מאָנאַטען אַרום וועלען מיר פייערען אונ־זער זילבערנע האָכצייט — מיט קורטען אַלס בעסטער פריינד — און דער דאָקטאָר און גערדאַ וועלען אויך זיין צווישען די געסט — דער קוואַרטיר־מייסטער וועט זיין דער טאָאסט־מייסטער און דער אויבער־פעלדפעבעל וועט שרייען מיט אַלע צוזאַמען הורראַה. און אויב איך קען דעם פּאָלקאָווניק גוט, וועט ער זיך אַליין איינלאַ־דען. יא, דו קענסט לאַכען !... אָבער געדענקסטו די זילבערנע האָכ־צייט ביי די אַדאָלפס—ביים פעלד־יעגער? די זילבערנע כלה האָט געמוזט טראָגען דעם רינג אויף דער רעכטער האַנד, ווייל דער חתן

האָט איהר אין אַ צערטליכען מאָמענט אָבגעשניטען דעם לינקען רינג־פינגער מיט זיין קינזשאַל. (אַליסע לעגט צו צום מויל איהר טאַשענ־טיכעל, אום זיך איינצוהאַלטען נישט צו לאַכען) דו וויינסט?
— ניין, איך גלויב דו לאַכסט! — יא, קינד, טהיילווייז וויינען מיר, און טהיילווייז לאַכען מיר. וואָס איז אַם ריכטיגסטען?...
— פרעג מיך נישט. איך האָב די טעג געלעזען אין אַ ציטונג דאָס אַ מאַן וואָס האָט זיך זיבען מאָל גע׳גט — וואָס דאָס מיינט אז ער האָט זיבען מאָל חתונה געהאַט — איז אין די יאָהרען פון אכט־און־ניינציג, צוריק אַנטלאָפען מיט זיין ערשטע פרוי, און מיט איהר חתונה געהאַט אויף דאָס ניי. דאָס איז ליעבע!... אויב דאָס לעבען איז ערנסט, אָדער בלויז אַ שפּאַס, איז מעהר וויפיעל איך קען פער־שטעהן! אָפט ווען ס׳איז אַ שפּאַס איז דאָס זעהר פיינליך, ווען ס׳איז ערנסט איז עס וועניגסטענס בעקוועמליך און פריעדליך... אָבער ווען מען וויל שוין יא זיין ערנסט, דאַן קומט איינער און טרייבט מיט אייך שפּאַס. ווי למשל: קורט... ווילסטו אַ זילבערנע האָכצייט?

א ל י ס ע. (בלייבט שטיל).

ק אַ פּ י ט אַ ן. נו, זאָג יא! — זיי וועלען לאַכען פון אונז! נו, וועלען מיר מיטלאַכען, אָדער זיך גאָר פערהאַלטען ערנסט, ווי עס קען אָפט טרעפען.

א ל י ס ע. גוט, איך בעשטעהע.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (ערנסט) אלזאָ אַ זילבערנע האָכצייט!... (הויבט זיך אויף) דורכשטרייכען און ווייטער געהן! — אלזאָ, לאָמיר ווייטער געהן!

(פּ אָ ר ה אַ נ ג)

## אויגוסט סטרינדבערג

# דער וואַמפּיר

(צווייטעס טהייל „טוידטען־טאַנץ”).

דראַמאַ אין 3 אַקטען.



**פּרייז 15 סענט**




ארויסגעגעבען פון

מ. יאַנקאָוויטץ

139 דיוויזשיאן סטריט, ניו יאָרק.

---

**Published by**
**M. JANKOWITZ**
**139 Division St., New York**

## פערזאָנען

עדגאַר.
אַליסע.
קורט.
אַללאַן, קורט'ס זוהן.
יודיטה, עדגאַר'ס טאָכטער.
דער לייטענאַנט.




Published by M. JANKOWITZ, 139 Division St., New York, N. Y.

# ערשטער אַקט

---

די סצענע:

אַ פיער עקיגער זאַלאָן, אין ווייס און אין גאָלד. די הינטער־וואַנד איז דורכגעבראָכען פון גלעזערנע טיהרען, וועלכע שטעהען אָפען, אַזוי אַז מען קען אַרויסקוקען אויף אַ טע־ראַזע, מיט אַ שטיינערנע באלוסטראדע, אויף וועלכע עס גע־פינט זיך בלויע און ווייסע פאַרצעלייענע טעפּ מיט פערשיע־דענע בלומען. די טעראזע איז אויך אַן אַלגעמיינער דורכ־גאַנג. אין הינטער־גרונד זעהט מען, די שטראַנד־באַטערעע, און אַ וואַך־סאַלדאַט, וועלכער געהט דאָרט הין און צוריק. אין דערווייט דער אָפענער ים.

אין דער לינקער זייט פון זאלאן שטעהט אַן בעגילדעטע סאָפע, מיט אַ טיש און שטוהלען. רעכטס אַ הויבע פיאַנאָ, אַ שרייב־טיש, און אַ קאַמין. אין פאָדער־גרונד אַן אַמעריקאַ־נישער שטוהל. נעבען שרייב־טיש אַ שטעהענדער לאָמפּ פון קופּער און אַ טיש צוגעפּעסטיגט דערצו. אויף די ווענד הענ־גען פערשיעדענע אַלטע אויל־בילדער.

(אַללאַן זיצט ביים שרייב־טיש און רעכענט. יודיטה קומט אַריין דורך די הינטער־גרונד טיהר — זי איז זומערדיג גע־קליידעט. טראָגט אַ קורץ קלייד, דעם צאָפּ אויפ'ן רוקען, דעם הוט אין איין האַנד, און די טענעס ראַקעטקע אין דער צווייטער. זי בלייבט שטעהן אין דער טיהר. אַללאַן הויבט זיך אויף, ערנסט און פול מיט דרך־ארץ.)



יודיטה. (ערנסט, אָבער פריינדליך) ווארום ביזטו ניט אַרויסגעקומען שפּיעלען טענים?

אַללאַן. (שעהמעוודיג) איך בין זעהר בעשעפטיגט...

יודיטה. האָסטו ניט געזעהן, אַז איך האָב אָפּגעשטעלט דעם וועלאָסיפּעד פאַר דער אייכע און ניט נעבען דער אייכע?

אַללאַן. יאָ, איך האָב דאָס געזעהן.

י ו ד י ט ה. נו, וואָס בעדייטעט דאָס?

א ל ל א ן. דאָס בעדייטעט — דו האָסט געוואָלט איך זאָל ארויסקומען שפּיעלען טענים... אָבער מיינע פליכטען... איך האָב פּראָבלעמען צו לעזען... און דיין פאָטער איז זעהר א שטרענגער לעהרער...

י ו ד י ט ה. האָסטו איהם ליעב?

א ל ל א ן. יאָ, איך האָב איהם ליעב... ער אינטעריסירט זיך זעהר מיט זיינע שילער...

י ו ד י ט ה. ער אינטעריסירט זיך מיט אַלעם און מיט אַלע־מען. — נו, ווען סטו ארויסקומען מיט אונז שפּיעלען?

א ל ל א ן. דו ווייסט גאַנץ גוט, אז איך — אָבער איך טאָר ניט!

י ו ד י ט ה. איך וועל בעטען פּאַפּאַ'ן, אז ער זאָל דיר ער־לויבען.

א ל ל א ן. טהו דאָס ניט! ס'וועט בלויז פּעראורזאכען רעדעריי.

י ו ד י ט ה. מיינסטו, אז איך וואָלט דאָס ביי איהם ניט געקענט פּועל'ן? ער גיט מיר אַלעם נאָך.

א ל ל א ן. איך גלויב ס'איז דערפאַר, ווייל דו ביזט אַזוי שלעכט.

י ו ד י ט ה. זיי דו אויך אַזוי!

א ל ל א ן. איך בין ניט פון'ם וואָלפען־געשלעכט!

י ו ד י ט ה. דו ביזט א שעפּס!

א ל ל א ן. שוין ליעבער דאָס!

י ו ד י ט ה. זאָג, וואָרום ווילסטו ניט ארויסקומען שפּיע־לען טענים?

א ל ל א ן. דו ווייסט...

י ו ד י ט ה. מעגסט עס זאָגען — דער לייטענאַנט!...

א ל ל א ן. יאָ, דו קימערסט זיך וועגען מיר גאַנץ ווייניג. און מיט'ן לייטענאַנט קענסטו זיך אַנדערש ניט אונטערהאַלטען, סיידען איך בין דאָ דערביי, ווייל דאַן קענסטו זעהן ווי איך לייד.

י ו ד י ט ה. בין איך אַזוי גרויזאַם? דאָס האָב איך ניט גע־וואוסט.

א ל ל א ן. נו ווייסטו עס יעצט!

י ו ד י ט ה. דאַן וועל איך זיך בעסערען, איך וויל ניט זיין גרויזאַם, איך וויל ניט אויסזעהן שלעכט אין דיינע אויגען.

א ל ל א ן. דאָס זאָגסטו נור דערפאַר, כדי דו זאָלסט קענען איבער מיר מעהר הערשען. איך בין שוין דיין שקלאַף, אָבער דער־מיט ביזטו נאָך ניט צופריעדען. דער שקלאַף מוז אויך געפּייניגט ווערען!... אָבער דו האָסט דאָך שוין דעם אַנדערען אין דיינע נעגעל — וואָס ווילסטו נאָך פון מיר? לאָז מיך געהן מיין וועג און דו געה זיך דיינעם.

י ו ד י ט ה. דו הייסט מיר געהן? (אַללאַן ענטפערט ניט) נו, וועל איך געהן. — אַלס קרובים וועט אונז אויסקומען פון צייט־צו־צייט זיך צו בעגעגענען, אָבער בעלעסטיגען וועל איך דיך ניט. (אַללאַן זעצט זיך צוריק אַוועק און פאַנגט אָן ווידער צו רעכענען)

י ו ד י ט ה. (אַנשטאָט צו געהן, קומט זי מעהר פאָרוועררטס און דערנעהענטערט זיך אַלץ מעהר צום טיש, וואו אַללאַן זיצט) דאַרפסט זיך גאָרניט שרעקען, איך וועל באַלד געהן... איך וויל נור זעהן ווי קאַראַנטין־מייסטערס וואָהנען... (קוקט זיך אַרום) ווייס און גאָלד! — א בעכשטיין־פּיאַנאָ — יאָ! — מיר זיצען נאָך אין פעסטונגס־טהורעם זינט פּאַפּאַ איז פענסיאָנירט געוואָרען — אין דעם טהורעם וואו די מאַמע איז געהאַלטען געוואָרען פינף־און־צוואַנציג יאָהר. מען לאָזט אונז דאָרט זיצען, ווייל מען האָט אויף אונז רחמנות. איהר זענט רייך, איהר...

א ל ל א ן. (רוהיג) מיר זיינען ניט רייך.

י ו ד י ט ה. דו זאָגסט נור אַזוי. אָבער דו געהסט אימער שעהן געקליידעט — איבריגענס, וואָס דו טראָגסט קליידעט דיר. דו הערסט וואָס איך זאָג? (דערנעהענטערט זיך אַלץ מעהר).

א ל ל א ן. (אונטערוועערפיג) איך הער.

י ו ד י ט ה. ווי קענסטו הערען, ווען דו זיצטסט און רע־כענסט, אָדער וואָס דו טהוסט דאָרט?

א ל ל א ן. איך הער ניט מיט די אויגען.

י ו ד י ט ה. יאַ, דיינע אויגען — האָסטו זיי אַמאָל געזעהן אין שפּיגעל?

א ל ל א ן. געה דיין וועג!

י ו ד י ט ה. דו פּראַכטעסט מיך, דו!

אַ ל ל אַ ן. ווייס איך... איך דענק גאָרניט פון דיר.

י ו ד י ט ה. (קומט נעהענטער) אַרכימעדעס זיצט און רעכנט, ווען דער סאָלדאַט קומט און דערשטעכט איהם. (ריהרט זיינע פּאַפּירען מיט דער ראַקעטקע).

אַללאַן. ריהר ניט מיינע פּאַפּירען.

י ו ד י ט ה. אַזוי האָט אַרכימעדעס אויך געזאָגט... דו רעדסט דיר יעצט מסתמא איין, אַז איך קען אָהן דיר ניט לעבען.

אַ ל ל אַ ן. וואָרום לאָזטו מיך ניט צופריעדען?

י ו ד י ט ה. בענעהם זיך אַביסעל בעסער, וועל איך דיר העלפען ביי דיין עקזאַמען.

אַ ל ל אַ ן. דו?

י ו ד י ט ה. יאַ, איך קען די עקזאַמענאַטאָרען.

אַ ל ל אַ ן. (שטרענג) נו, איז וואָס?

י ו ד י ט ה. ווייסטו דען ניט, אַז מען מוז זיך האַלטען פיין פאַר די לעהרערס?

אַ ל ל אַ ן. דו מיינסט דיין פאָטער און דעם לייטענאַנט?

י ו ד י ט ה. און דעם פּאָלקאָווניק!

אַ ל ל אַ ן. און דו מיינסט, אַז מיט דיין הילפע וועל איך זיך קענען בעפרייען פון אָט די אַלע אַרבייטען?

י ו ד י ט ה. דו ביזט אַ שלעכטער איבערזעצער —

אַ ל ל אַ ן. פון אַ שלעכטען אָריגינאַל —

י ו ד י ט ה. שעהם זיך!

אַ ל ל אַ ן. ס'איז טאַקע אַ שאַנדע צו זעהן ווי דו בענעהמסט זיך — איך שעהם זיך וואָס כ'האָב דיך אויסגעהערט. וואָרום געהסטו ניט?

י ו ד י ט ה. ווייל איך ווייס, אַז דו שעצט מיין געזעלשאַפט. יאָ, דו געהסט אימער פערביי מיין פענסטער, און ווען איך פאָהר אין שטאָדט, האָסטו אויך אימער עפּעס צו בעזאָרגען אין שטאָדט, כדי דו זאָלסט קענען פאָהרען מיט דער זעלבער שיף, אויף וועלכער איך פאָהר.

אַ ל ל אַ ן. אונזין דו רעדסט נאָך גאָר ווי אַ יונג מיידעל.

י ו ד י ט ה. מיינסטו, אַז איך בין נאָך אַ קינד?

א ל ל א ן. צייטענווייז ביזטו זעהר א גוט קינד, און צייטענווייז ביזטו א שלעכטע פרוי. ווי מיר שיינט, האסטו מיך אויסערוועהלט צו זיין דיין שעפס.

י ו ד י ט ה. דו ביזט א שעפעלע, און דערפאר וויל איך דיך בעשיצען.

א ל ל א ן. (הויבט זיך אויף) דער וואלף איז אימערצו געווען א שלעכטער פאסטוך!... דו ווילסט מיך פרעסען... דאס, גלויב איך, מוז זיין דיין סוד... דו ווילסט ביי מיר פער'משכון'ען דיינע שעהנע אויגען, כדי דו זאלסט קענען זיכער זיין, אז מיין מוח איז אין גאנצען פערנומען מיט דיר.

י ו ד י ט ה. אה, דו האסט געזעהן מיינע שעהנע אויגען? מיר וואלט זיך דאס גאר קיינמאל ניט געגלויבט, אז דו זאלסט האבען מוטה דערצו.

א ל ל א ן. (נעהמט צוזאמען זיינע פאפירען און ווענדעט זיך צו געהן רעכטס).

י ו ד י ט ה. (שטעלט זיך פאר דער טהיר).

א ל ל א ן. פערשטעל מיר ניט דעם וועג, אז ניט...

י ו ד י ט ה. אז נישט, איז וואס?

א ל ל א ן. ווען דו וואלסט געווען א בחור, וואלסטו שוין געזעהן! דו ביזט אבער א מיידעל!

י ו ד י ט ה. נו, וואס וואלט געווען?

א ל ל א ן. ווען דו וואלסט געהאט עטוואס שטאלץ אין זיך, וואלסטו דא ניט געשטאנען נאכדעם ווי דו פיהלסט זיך אלס אז ארויסגעוויזענע.

י ו ד י ט ה. געדענק, דאס וועט דיך טהייער קאסטען!

א ל ל א ן. דאס גלויב איך.

י ו ד י ט ה. (געהט צארנדיג אין הינטער־גרונד) איך וועל — זיך שוין — מיט דיר דערפאר אפרעכענען — (אב).

ק ו ר ט. (קומט אריין פון לינקס) ווער איז דא מיט אזא אימפעט ארויסגעלאפען?

א ל ל א ן. יודיטה.

ק ו ר ט. זי איז אביסעל קאפריזנע, אבער א פיין מיידעל.

א ל לא ן. ווען א מיידעל איז גרויזאם און שלעכט, זאגט

מען נאָך אימער, אַז זי איז אַ פיין מיידעל.

ק ו ר ט. דו דאַרפסט ניט זיין אַזוי שטרענג, אַללאַן, ביזטו דען ניט צופריעדען מיט דיינע קרובים?

א ל ל א ן. אָנקעל עדגאַר ליעב איך...

ק ו ר ט. יאָ, ער האָט פיעלע גוטע אייגענשאַפטען אין זיך. און די אַנדערע לעהרער דיינע? דעם לייטענאַנט צום ביישפּיעל?

א ל ל א ן. ער איז ניט אַלע מאָל גלייך. מאַנכע מאָל צייגט עס אויס ווי ער וואָלט טראָגען אַ האַס געגען מיר.

ק ו ר ט. אונזין!... דו טראַכסט צופיעל וועגען די מענשען און דערפאַר דאַכט זיך דיר אַזוי. גריבעל זיך ניט אַזוי פיעל, נור טהו דיין פליכט, טהו אַלעס וואָס ס'איז ריכטיג, און לאָז די אַנ־דערע מענשען פאַר זיך אַליין זאָרגען.

א ל ל א ן. אַזוי טהו איך. אָבער מען לאָזט מיך ניט צופריע־דען. זיי שלעפען איינעם אריין, ווי די טינטען־פיש הינטען ביים בריק, — זיי בייסען ניט, אָבער זיי מאַכען אָן אַ ווינד, וועלכער זויגט דאָס בלוט —

ק ו ר ט. (פריינדליך) איך זעה, דו פיהלסט זיך אַ ביסעל שווער אויפ'ן הארצען. איז דיר ניט גוט דאָ ביי מיר? פעהלט דיר פּי־ לייכט עפּעס?

א ל ל א ן. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אַזעלכע גו־טע טעג, אָבער... דאָ געפינט זיך עפּעס וואָס שטיקט מיך.

ק ו ר ט. דאָ ביים ים? ליעבסטו דען ניט דעם ים?

א ל ל א ן. יאָ, דעם אָפענעם ים. אָבער ביים שטראַנד געפינט זיך קלעב־קרויט, טינטען־פיש, זשעל־פיש, נעסעל־טהירע אָדער ווי זיי הייסען.

ק ו ר ט. דו דאַרפסט דאָ אינוועניג אַזוי פיעל ניט זיצען, געה אַרויס און שפּיעל טענים.

א ל ל א ן. דאָס פערשאַפט מיר ניט קיין פערגעניגען.

ק ו ר ט. איך פערשטעה, דו מוזט ברוגז זיין אויף יודיטה'ן.

א ל ל א ן. יודיטה?!

ק ו ר ט. דו האַלטסט זיך צו שטרענג מיט מענשען. דאָס דאַרף מען ניט זיין, ווייל נאָכהער ווערט מען דאַדורך איינזאַם.

א ל ל א ן. איך האַלט זיך ניט שטרענג, אָבער... איך פיהל

ווי איך וואָלט ליגען גאַנץ אונטען, אונטער אַ הויפען האָליץ... און מוז וואַרטען ביז עס וועט קומען מיין רייהע צו גערן אין פייער... עס דריקט, עס דריקט אַלעס, וואָס אויף מיר ליגט...

ק ו ר ט. וואַרט ביז ס'וועט קומען דיין רייהע, דער הויפען ווערט קלענער.

א ל ל א ן. יאָ, אָבער אַזוי לאַנגזאַם, אַזוי לאַנגזאַם... אָך, און דערוויילע ליג איך און ווער פערשימעלט ווערהענד דער צייט.

ק ו ר ט. ס'איז ניט אַנגענעהם יונג צו זיין, און דאָך איז אייך יונגע מקנא צו זיין.

א ל ל א ן. ווילסטו זיך בייטען מיט מיר?

ק ו ר ט. ניין, אַ דאַנק!

א ל ל א ן. אָבער ווייסטו וואָס דאָס ערגסטע איז? דאָס איז דאָ צו זיצען און מוזען שווייגען, ווען מען הערט די אַלטע לייט רעדען נאַרישקייטען. מען פיהלט אַז מען פערשטעהט מאַנ־כע זאַכען פיעל בעסער פון זיי, און דאָך מוז מען שווייגען! יאָ, פערצייהע, דיך רעכען איך ניט צווישען די אַלטע.

ק ו ר ט. וואָרום ניט?

א ל ל א ן. פיללייכט דערפאַר, ווייל ס'איז נאָך ניט לאַנג, ווי מיר האָבען געשלאָסען בעקאַנטשאַפט.

ק ו ר ט. און ווייל — דו האָסט וועגען מיר געהאַט גאָר אַן אַנדערען בעגריעף.

א ל ל א ן. יאָ!

ק ו ר ט. איך גלויב, אַז אין די יאָהרען וואָס מיר זיינען גע־ווען געשיעדען, האָסטו זיכער ניט אימער געדענקט וועגען מיר מיט פריינדליכע געפיהלען?

א ל ל א ן. ניין.

ק ו ר ט. האָסטו אַמאָל געזעהן אַ בילד פון מיר?

א ל ל א ן. איין בילד, און ס'האָט אויסגעזעהן זעהר אונ־סימפּאַטיש.

ק ו ר ט. און אַלט?

א ל ל א ן. יאָ.

ק ו ר ט. מיט צעהן יאָהר צוריק זיינען מיינע האָאר גראָה געוואָרען אין איין נאַכט... אָבער לאָמיר בעסער ריידען פון עפּעס

אנדערש... זעה, דאָ קומט דיין מוהמע — מיין קוזינע. ווי גע־פעהלט זי דיר?

אַ ל ל אַ ן. דאָס קען איך ניט זאָגען.

ק ו ר ט. דאַן וועל איך ניט פרעגען.

אַ ל י ס ע. (קומט אַריין, זי איז געקליידעט אין אַ העל־ווייסען שפּאַציער־אַנצוג, אין דער האַנד האַלט זי אַ זונען־שירם) גוט־מאָרגען, קורט. (גיט איהם אַ ווינק, אַז אַללאַן זאָל אַרויסגעהן).

ק ו ר ט. (צו אַללאַן) פערלאָז אונז!

(אַללאַן געהט אָב דורך רעכטס).

(אַליסע זעצט זיך אויף דער סאָפע לינקס; קורט זעצט זיך אויף אַ שטוהל נעבען איהר).

אַ ל י ס ע. (פערלעגען) ער וועט דאָ באַלד אויך זיין, און דערפאַר דאַרפסטו זיך ניט פיהלען אין אַ פערלעגענהייט.

ק ו ר ט. וואָרום זאָל איך זיך פיהלען אין אַ פערלעגענהייט?

אַ ל י ס ע. דו, מיט דיין שטרענגקייט —

ק ו ר ט. געגען זיך זעלבסט, יאָ —

אַ ל י ס ע. נאַטירליך. — איך האָב אמאָל געזעהן אין דיר מיין בעפרייער, אָבער דערפון איז גאָרניט געוואָרען — דער־פאַר האָבען מיר אַ רעכט צו פערגעסען — דאָס וואָס ס'איז ניט געשעהן.

ק ו ר ט. דאַן פערגעס עס!

אַ ל י ס ע. אונטערדעסען... איך גלויב אָבער ניט צו ער האָט פערגעסען...

ק ו ר ט. דו מיינסט די נאַכט, ווען ער איז פון האַרץ־וועה־טאָג אנידערגעפאַלען אויפ'ן באָדען — און ווען דו האָסט זיך צו שנעל געפרעהט, מיינענדיג, אַז ער איז שוין טוידט?

אַ ל י ס ע. יאָ. זייט דאַן האָט ער זיך ערהאָלט. אָבער זינט ער האָט אויפגעגעבען דאָס טרינקען, האָט ער זיך אויסגעלערענט צו שווייגען. און יעצט איז ער שרעקליך. ער האָט עפּעס אין זיך, וואָס איך קען ניט פערשטעהן..

ק ו ר ט. אַליסע, דיין מאַן איז אַ גוט־מוטהיגער נאַר, און ער צייגט מיר אַרוים אַ סך פריינדליכקייט.

א ל י ס ע. היט זיך פאר זיין פריינדליכקייט. איך קען זי.
ק ו ר ט. נו, נו...
א ל י ס ע. ער האט דיך אלזא שוין אויך פערבלענדעט? זעהסטו דען ניט דאס געפאהר? בעמערקסטו דען ניט די נעצען ארום זיך?
ק ו ר ט. ניין.
א ל י ס ע. דאן איז דיין אונטערגאנג א זיכערער!
ק ו ר ט. גאט בעהיט!
א ל י ס ע. דענק נור, איך זיץ דא און זעה ווי דאס אונגליק קריכט צו דיר אריין ווי א קאץ. איך צייג דאס דיר, אבער דו קענסט דאס ניט זעהן.
ק ו ר ט. אללאן מיט זיינע געזונדע אויגען זעהט דאס אויך ניט. ער זעהט איבערהויפט מעהר קיינעם ניט אויסער יודיטה'ן. און דאס, אין אמת'ן געזאגט, איז פאר מיר א טרייסט, ווייל דאס וועט אויפהאלטען לענגער דאס פאמיליען־באנד.
א ל י ס ע. קענסטו יודיטה'ן?
ק ו ר ט. א קאקעטעס קינד, מיט א צאפ אויפ'ן רוקען, און מיט עטוואס א צו קורץ קליידעל...
א ל י ס ע. דאס איז אמת. אבער איך האב זי די טעג געזעהן אין א לאנג קלייד — און זי האט אויסגעזעהן אין דעם לאנגען קלייד ווי א יונגע דאמע — און ניט אזוי יונג אויך, ווען איהרע האאר זיינען געווען ארויפגענומען.
ק ו ר ט. זי איז ניש'קשה'דיג קרעפטיג ענטוויקעלט, דאס גיב איך צו.
א ל י ס ע. און זי שפיעלט מיט אללא'ן.
ק ו ר ט. אזוי לאנג ווי דאס איז מעהר ניט ווי א שפיעל, מאכט עס ניט אויס.
א ל י ס ע. הייסט עס, דאס מאכט ניט אויס? — עדגארד וועט דא באלד זיין און ער וועט זיך זעצען אין יענעם שטוהל, ער ליעבט איהם מיט אזא ליידענשאפט, אז ווען ער זאל קענען, וואלט ער איהם צוגע'גנב'עט.
ק ו ר ט. ער קען איהם האבען.
א ל י ס ע. לאזט איהם זיצען דארט. און מיר װעלען בליי־

בען דאָ זיצען. און ווען ער וועט רעדען — אין דער פריה האָט ער זעהר ליעב צו רעדען — ווען ער וועט רעדען פון עפּעס אונ־בעדייטענדעס, וועל איך עס פאַר דיר איבערזעצען.

ק ו ר ט. דו מאַכסט עס מעהר ווי ס'איז, ליעבע אַליסע, וואָס האָב איך זיך דען צו שרעקען, אַזוי לאַנג ווי איך פיהר מיין קאָ־ראַנטין ריכטיג און פיהר זיך אַליין אויך אויף אַנשטענדיג.

אַ ל י ס ע. אָה, דו גלויבסט דאָך אין גערעכטיגקייט, און אין עהרע, און אין נאָך אַזעלכע זאַכען.

ק ו ר ט. יאָ, און דאָס האָט מיך די ערפאַהרונג געלערענט. איך האָב אַמאָל געגלויבט גראַדע פערקעהרט, אָבער איך האָב דערפאַר טהייער בעצאָהלט.

אַ ל י ס ע. איצט קומט ער! —

ק ו ר ט. איך האָב דיך קיינמאָל ניט געזעהן אַזוי אַנגע־שראָקען ווי איצט.

אַ ל י ס ע. דו זעהסט ניט דאָס געפאַהר!

ק ו ר ט. דאָס געפאַהר? דו פאַנגסט באַלד אָן ארויפצו־וואַרפען אויף מיר אויך אַ פּחד.

אַ ל י ס ע. אַך, ווען איך זאָל דאָס נור קענען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (טרעט אַריין דורכ'ן הינטער־גרונד, געקליידעט ציוויל, ער טראָגט אַ שוואַרצען ראָק, געקנעפּעלט ביז אַרונטער, אַ יוני־פאָרם מיץ, און אין האַנד האַלט ער אַ שטאָק מיט אַ זילבערנעם הענטעל. ער בעגריסט זיי און געהט גלייך צום שטהול, וואו ער זעצט זיך אַוועק.

אַ ל י ס ע. (צו קורט'ן) לאָז איהם צוערשט ריידען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס איז אַ וואונדערבאַרער שטוהל, ליעבער קורט, זעהר אַ וואונדערבאַרער.

ק ו ר ט. איך גיב דיר איהם אַ מתנה, ווען דו זאָלסט איהם נור וועלען נעהמען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניט דאָס האָב איך געמיינט —

ק ו ר ט. אָבער איך מיין דאָס אויף ריכטיג, וויפיעל האָב איך דען ניט פון דיר בעקומען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (זעלבסט צופריעדען) אַך, רעד ניט קיין נאַ־רישקייטען! — ווען איך זיץ דאָ, זעה איך דאָס גאַנצע אינזעל, איך זעה אַלע שפּאַצירענדע, אַלע מענשען אויף זייערע וועראַנ־

דעם, דעם ים, און אַלע שיפען, וועלכע פאָהרען אריין און פאָהרען אַרוים. דו האָסט ווירקליך געפונען דעם בעסטען פונקט דאָ אויפ'ן אינזעל. אמת דאָס אינזעל איז ניט אַזוי הייליג, אָבער — וואָס זאָגסטו, אַליסע?... יאָ, זיי רופען עס דאָך „קליינער גיהנום“, און ס'אַ האָט זיך גאָר קורט אויפגעבויט זיין גן־עדן, פערשטעהט זיך, אָהן אַ חוה, ווייל אַזוי שנעל ווי זי וואָלט געקומען וואָלט געוואָרען אוים גן־עדן. הער נור, ווייסטו אז דאָס פּלאַץ איז אַמאָל געווען אַ קעניגליכער יאַגד־שלאָס?

ק ו ר ט. איך האָב געהערט דערפון ריידען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו בעוואָהנסט זיך ווי אַ קייזער דאָ, אָבער, צווישען אונז מעג איך עס זאָגען, אַז דאָס אַלעם האָסטו מיר צו פערדאַנקען.

אַ ל י ס ע. (צו קורט'ן) יעצט זאָגט ער אַ ליגען.

ק ו ר ט. איך האָב דיר פאַר אַ סך זאַכען צו דאַנקען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. אָך, אונזין! — זאָג נור, דער וויין איז דיר אָנגעקומען?

ק ו ר ט. יאָ.

ק אַ פּ י ט אַ ן. און דו ביזט צופריעדען?

ק ו ר ט. זעהר צופריעדען, און דו קענסט אויך זאָגען דעם וויין־הענדלער.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ער גיט אימערצו גוטען וויין.

אַ ל י ס ע. (צו קורט'ן) דו וועסט דאַרפען פאַר איהם בע־צאָהלען צוויי מאָל אַזוי פיעל, וויפיעל ער האָט די ווערטה.

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואָס זאָגסטו, אַליסע?

אַ ל י ס ע. איך? גאָרניט!

ק אַ פּ י ט אַ ן. נאָ, ווען דיזע קאַראַנטין איז דאָ איינגעריכ־טעט געוואָרען, האָב איך געדענקט די שטעלע צו קריגען. און איך האָב טאַקע דאַן אָנגעפאַנגען צו לערנען די קאַראַנטין־מעטהאָדען.

אַ ל י ס ע. (צו קורט'ן) יעצט זאָגט ער אַ ליגען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (בעריהמעריש) איך האָב דאַן ניט געהאַלטען מיט די אַלטע פערשימעלטע אידעען, וועלכע די רעגיערונג האָט דאַן אָנגענומען ווענען די אָפּגערייניגטע גיפטיגע שטאָפען, איך בין געשטאַנען אין דער זייט פון די נעפּטוניסטען — זיי ווערען

אזוי אָנגערופען, ווייל זיי פּרעדיגען די וואסער מעטהאָדען.

ק ו ר ט. פּערציייהע. אָבער איך עראינער זיך בעשטימט, אז איך בין דאָס דאמאָלס געווען דער יעניגער, וועלכער האָט גע־פּרעדיגט וואסער, און דו פייער.

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך? הויבט זיך גאָרניט אָן!

אַ ל י ס ע. (לויט) אָבער דאָך, איך עראינער זיך דאָס אויך.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו?

ק ו ר ט. איך עראינער זיך דאָס אָבער בעשטימט —

ק אַ פּ י ט אַ ן. (מאַכט דאָס קורץ) נאַ, ס'קען פּילייכט זיין, אָבער ס'איז איינס און דאָס זעלבע, אזוי אָדער אזוי, ס'מאַכט ניט אוים ווי עס איז געווען. יעצט אָבער זיינען מיר געקומען צו אזא שטופע פון ענטוויקלונג — (קורט וויל איהם אונטערברעכען) איין מאָמענט! — ווען די קאראנטין־מעטהאָדען האַלטען אין מאַ־כען אַ ריעזיגען שריט פאָרווערטס.

ק ו ר ט. יאָ, ריידענדיג וועגען דעם, וויסטו ניט ווער עס שרייבט דיזע נארישע ארטיקלען אין דער צייט־שריפט?

ק אַ פּ י ט אַ ן. (רויט־ווערענדיג) ניין, איך ווייס ניט. אָבער ווארום רופסטו זיי נארישע?

אַ ל י ס ע. (צו קורט'ן) היט זיך! ער שרייבט זיי.

ק ו ר ט. (צו אַליסע'ן) ער?... (צום קאַפּיטאַן) ווייל זיי זיי־נען אונלאָגיש געשריבען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס ביזטו ניט בכוח צו אורטהיילען!

אַ ל י ס ע. ווילט איהר אייך פילייכט קריעגען?

ק ו ר ט. אָה, ניין.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָ אויפ'ן אינזעל איז שווער צו לעבען אין פריעדען איינס מיט'ן צווייטען, אָבער מיר מוזען צייגען אַ גוטען ביישפּיעל —

ק ו ר ט. יאָ, קענסטו מיר דאָס ערקלערען? ווען איך בין אהער געקומען האָב איך געשלאָסען בעקאַנטשאַפט מיט אַלע גע־ריכטס־בעאַמטע, און מעהר ווי מיט אַלע בין איך געוואָרען בע־פריינדעט מיט'ן נאָטאַר, אזוי בעפריינדעט, ווי נור צוויי מענער אין אונזערע יאָהרען קענען זיין. אָבער זייט אַ שטיק צייט — באַלד נאָך דעם ווי דו ביזט געזונד געוואָרען — האָבען אַלע אָנגע־

פאנגען ארויסצוציִיגען צו מיר קאַלטקייט, און נעכטען אויפ'ן שפּאַ־
ציר האָט מיך דער נאָטאַר אויסגעווייכט, און איך קען דיר גאָר־
ניט זאָגען ווי דאָס האָט מיר וועה געטהון.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (שווייגט).

ק ו ר ט. זיינען זיי געגען דיר אויך אַזוי געוואָרען?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין, גראָדע אין געגענטהייל.

אַ ל י ס ע. (צו קורט'ן) פערשטעסטו דען ניט, אַז ער איז דאָס געווען דער, וועלכער האָט פון דיר גע'גנב'עט דיינע פריינד?

ק ו ר ט. (צום קאַפּיטאַן) איז דאָס ניט פּיליִיכט דערפאַר, ווייל איך האָב ניט געוואָלט זיך פערשרייבען אין זייערע נייע אַקציעס?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין, ניט דערפאַר. אָבער קענסטו מיר ער־קלערען, וואָרום דו האָסט זיך ניט געוואָלט פערשרייבען?

ק ו ר ט. ווייל איך האָב שוין מיין ביסעל געלד אריינגע־לעגט אין אייער סאָדע־פאַבריק. און אויך ווייל ווען מען גרינדעט נייע, מיינט דאָס, אַז די אַלטע האַלטען שלעכט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (צושטרייט) וואָס פאַר אַ שעהנעם לאָמפּ דו האָסט, וואו האָסטו איהם בעקומען?

ק ו ר ט. איך האָב איהם געקויפט אין שטאָדט.

אַ ל י ס ע. (צו קורט'ן) היט דיין לאָמפּ.

ק ו ר ט. (צום קאַפּיטאַן) דו דאַרפסט ניט דענקען, אַז איך בין אונדאַנקבאַר, אָדער מיסטרויאיש, עדגאַר.

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאָ, אָבער ס'איז ניט ריכטיג זיך צוריק־צוציהען פון אַ געשעפט, וועלכעס מען האָט אַליין געהאָלפען אויפבויען.

ק ו ר ט. אָבער, מיין טהייערער עדגאַרד, מען דאַרף דאָך זעהן ניט אריינצופאַלען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. אריינפאַלען? שטעהט דאָ דען פאָר אַ געפאַהר? דענקסטו, אַז מען וויל דיך בעראַבעווען?

ק ו ר ט. צו וואָס אַזעלכע האַרטע ווערטער?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ביזטו דען ניט געווען צופריעדען, ווען איך האָב דיר געהאָלפען דיין קאַפּיטאַל אַוועקלעגען אויף 6 פּראָצענט?

ק ו ר ט. ווער זאָגט דען? איך בין דיר זאָגאר דאנקבאַר דערפאַר.

ק א פ י ט א ן. דו ביזט ניט דאנקבאַר, דאָס איז ניט דיין נאַטור, אָבער דאָס איז אַ זאַך, וואָס דו קענסט זיך ניט העלפען.

א ל י ס ע. (צו קורט'ן) דו הער זיך צו צו איהם!

ק ו ר ט. ס'איז פיליכט אמת, וואָס דו זאָגסט, אָבער איך אנערקען פליכטען.

ק א פ י ט א ן. צייג זשע דאָס אַרויס! (שטרעקט אויס די האַנד פאַר אַ ציימונג) וואָס איז דאָס? אַ טויטען-נאַטיץ! (לעזט) דער מעדיציין-ראַטה איז טויט!

א ל י ס ע. (צו קורט'ן) יעצט ספעקולירט ער שוין מיט דער לייכע!

ק א פ י ט א ן. (ווי פאַר זיך) דאָס וועט ברענגען געוויסע פערענדערונגען...

ק ו ר ט. אין וועלכער הינזיכט?

ק א פ י ט א ן (הויבט זיך אויף) דאָס וועלען מיר שוין זעהן.

א ל י ס ע. וואו געהסטו?

ק א פ י ט א ן. איך דענק, איך וועל פאָהרען אין שטאָדט. (ער דערזעהט אַ בריעף אויפ'ן שרייב-טיש, נעהמט ער איהם און לעזט איבער די אַדרעסע און לעגט איהם צוריק) אָה, איך האָף, איהר וועט מיר פערצייהען מיין צושטרייטקייט.

ק ו ר ט. ס'מאַכט ניט אויס!

ק א פ י ט א ן. דאָ ליעגט אַללאַן'ס צייכנונגען, וואו איז ער?

ק ו ר ט. ער שפיעלט אין דרויסען מיט די מיידלאַך.

ק א פ י ט א ן. אַזאַ גרויסער יונג? איך האָב דאָס פיינד! און יודיטה דאַרף אויך ניט אַזוי אַרומלויפען. דו האַלט בעסער אָן אויג אויף דיין יונגען הערר, און איך וועל אַכטונג געבען אויף מיין יונגער דאַמע. (ער געהט פערביי דער פּיאַנאָ און גיט עטליכע קלאַפּ אויף די קלאַווישען) זי האָט אַ וואונדערבאַרען טאָן. אַ שטיינבאַך, הא?

ק ו ר ט. אַ בעכשטיין.

ק א פ י ט א ן. יאָ, דו לעבסט זיך שעהן. דו דאַרפסט מיר דאַנקען, וואָס איך האָב דיך אַהער געבראַכט.

אַ ל י ס ע. (צו קורט'ן) דאָס זאָגט ער אַ ליגען, ער האָט גאָר געזוכט צו הינדערען דיין קומען אַהער.

ק א פ י ט א ן. נו, דערווייל זייט מיר געזונד. איך פאָהר מיט דער נעקסטער שיף. (אַרויסגעהענדיג בעקוקט ער די בילדער וואָס הענגען אויף די ווענד).

אַ ל י ס ע. נו?

ק ו ר ט. נו?

אַ ל י ס ע. זיינע פּלענער קען איך נאָך ניט פערשטעהן. אָבער זאָג מיר נור, פון וועמען איז דאָס דער בריעף, אויף וועל־כען ער האָט געקוקט?

ק ו ר ט. אָה, דאָס איז פון דער וואהל־פעראיין.

אַ ל י ס ע. אויב אזוי, ווייסט ער שוין דיין געהיימנים. ווי איך פערשטעה, ווילסטו ווערען רייכסטאג־אבגעאָרדענטער, און יעצט וועסטו זעהן, אז ער וועט דאָס ווערען אויף דיין פּלאַץ.

ק ו ר ט. האָט ער אַמאָל גערעדט דערפון?

אַ ל י ס ע. ניין, אָבער יעצט דענקט ער דערפון. איך האָב דאָס געלעזען אויף זיין געזיכט, ווערהענד ער האָט געקוקט אויפ'ן קאָנווערט.

ק ו ר ט. דערפאַר איז ער דאָס געפאָהרען אין שטאָדט?

אַ ל י ס ע. ניין. דעם בעשלוס צו פאָהרען אין שטאָדט האָט ער נאָך געפאַסט, ווען ער האָט געזעהן דעם טוידטען־נאָטיץ.

ק ו ר ט. וואָס דענקט ער דען צו געווינען דורך דעם טוידט פון'ם מעדיצין־ראטה?

אַ ל י ס ע. שווער צו זאָגען. פיל־לייכט איז ער געוועזן זיין שונא. וועלכער איז אימער געשטאַנען אין וועג פון זיינע פּלענער.

ק ו ר ט. אויב ער איז אַזוי, ווי דו מאָהלסט איהם, דאַן איז אין אמת'ן דאָ פאַר וועמען זיך צו שרעקען.

אַ ל י ס ע. האָסטו דען ניט געהערט, ווי ער האָט דיך גע־וואָלט גנב'ענען און ווי ער האָט געוואָלט בינדען דיינע הענד אין דער צייט ווען ער האָט אין דיר אַרויסגערופען פליכטען און דאַנק־

באַרקייט? ער זאָגט, צום ביישפּיעל, אַז ער האָט דיר פאַרשאַפט די שטעלע, און איך ווייס, אַז ער האָט געטהון אַלעס וואָס ס'איז נור מעגליך געווען דאָס דו זאָלסט די שטעלע ניט קריגען. דאָס איז אַ מענשען־גנב, אַן אינזעקט, אַ האַלץ־וואָרעם, וועלכער פרעסט דיין אינוועניג, און אין אַ געוויסען טאָג וועסטו זיך ארומזעהן, אַז דו ביזט אויסגעהוילט ווי אַן אַלטער אָפּגעלעבטער בוים. ער האַסט דיך, כאָטש דורך די עראינערונגען פון אייער יוגענד־פריינדשאַפט איז ער צוגעבונדען צו דיר.

קורט. ווי שאַרפזיניג מען ווערט, ווען מען האַסט!

אליסע. און ווי נאַריש, ווען מען ליעבט! נאַריש און בלינד!

קורט. אָה, ניין, זאָג דאָס ניט!

אליסע. ווייסטו וואָס מען פערשטעהט אונטער אַ וואַמ־פּיר?... מען זאָגט דאָס איז די נשמה פון אַ טוידטען מענשען, וועלכע זוכט אַ קערפּער אום צו קענען לעבען אַלס פּאַראַזיט. ער־גאַר איז טוידט פון זינט יענער צייט, וואָס ער איז געפאַלען. ער האָט קיין אייגענע אינטערעסען, קיין פּערזענליכקייט, קיין איני־ציאַטיווע. אָבער געלונגט עס איהם נור זיך אָנצוכאַפּען אָן אַ מענשען, הענגט ער זיך אויף איהם אָן, שטעקט אריין זיינע זויג־וואָרצלען אין איהם און פאַנגט אָן צו וואַקסען און צו בליהען. יעצט האָט ער זיך אויף דיר אָנגעזעצט.

קורט. ווען איך וועל איהם נור דערפיהלען אויף זיך, וועל איך איהם פון זיך אַרונטער טרייסלען.

אליסע. ווען דו זאָלסט עס נור קענען!.. הער נור, ווייסטו וואָרום ער וויל ניט, אַז יודיטה און אַללאַן זאָלען צוזאַמען שפּיע־לען?

קורט. ער שרעקט זיך מסתמא פאַר זייערע געפיהלען.

אליסע. ניין, ניט דאָס!... ער וויל יודיטה'ן פערהייראַ־טהען מיט'ן פּאַלקאָווניק.

קורט. (אויפגערעגט) מיט אַזאַ אַלטען מאַן?

אליסע. יאָ.

קורט. שרעקליך!.. און וואָס זאָגט יודיטה?

אַ ל י ס ע. ווען זי זאָל קענען קריגען דעם אַכציג־יעהריגען גענעראַל, וואָלט זי איהם גענומען, אום זי זאָל קענען וועה טהון דעם פּאָלקאָווניק, וועלכער איז זעכציג. וועה־טהון יענעם, דו זעהסט, איז איהר לעבענס־ציעל. וועה־טהון יענעם, טרעטען אויף יענעם — דאָס איז די מאַטטאָ פון אונזער פאַמיליע.

ק ו ר ט ה. איז דאָס יודיטה? די שעהנע, די שטאָלצע, די הערליכע יונג־פרוי?

אַ ל י ס ע. אָה, מיר איז דאָס שוין בעקאַנט!... קען איך זיך דאָ אוועקזעצען און אָנשרייבען אַ בריעף?

ק ו ר ט. (מאַכט אַלעס צורעכט אויפ'ן שרייב־טיש) מיט'ן גרעסטען פערגעניגען.

אַ ל י ס ע. (נעהמט אַרונטער איהרע האַנדשוה און זעצט זיך ביים שרייב־טיש) יעצט וועל איך פּרובירען לערנען די קונסט פון קריעג. איין מאָל האָב איך שוין פּראָבירט צו טוידטען מיין דראַ־גונער, אָבער ס'איז מיר ניט געלונגען, יעצט אָבער בין איך זיכער, אז ס'וועט מיר געלונגען.

ק ו ר ט. ווייסטו דען ניט, אז מען מוז צוערשט אָנלאָדען, איידער מען שיסט?

אַ ל י ס ע. יאָ, און גוט אָנלאָדען!

ק ו ר ט. (געהט אָפּ דורך רעכטס).

אַ ל י ס ע. (איבערלעגט און שרייבט).

אַ ל ל אַ ן. (לויפט אַריין, ניט בעמערקענדיג אַליסע'ן. ער וואַרפט זיך אויף דער סאָפע, שלוכצענדיג אין אַ טאַשענטיכעל).

אַ ל י ס ע. (בעטראַכט איהם צוערשט פאַר איין אויגענבליק, דאַן הויבט זי זיך אויף, געהט צו צו דער סאָפע, רעדט מיט אַ מילדע שטימע) אַללאַן!

אַ ל ל אַ ן. (זעצט זיך אויף, פערלעגען, און בעהאַלט דאָס טאַ־שענטיכעל אונטער'ן רוקען).

אַ ל י ס ע. (מילד, מוטערליך און מיט ווירקליכע ריהרונג) דו דאַרפסט פאַר מיר ניט מורא האָבען, אַללאַן, איך בין ניט גע־פעהרליך פאַר דיר... וואָס איז דיר? דו ביזט קראַנק?

אַ ל ל אַ ן. יאָ.

א ל י ס ע. וואָס פעהלט דיר דען?

א ל ל אַ ן. איך ווייס ניט.

א ל י ס ע. האָסטו קאָפּ שמערצען?

א ל ל אַ ן. ניין.

א ל י ס ע. פיהלסטו שמערצען אין דער ברוסט?

א ל ל אַ ן. יאָ.

א ל י ס ע. שמערצען — שמערצען! ווי דאָס האַרץ וואָלט געוואָלט צושמאָלצען ווערען, און עס ציהט, ציהט...

א ל ל אַ ן. פון וואַנען ווייסטו דאָס?

א ל י ס ע. און ס'ווילט זיך דאַן שטאַרבען. נור שטאַרבען ווילט זיך... און אַלעס איז אַזוי שוואַרץ. און מען דענקט נור פון איינס און דאָס זעלבע... פון איינס און דאָס זעלבע... אָבער ווען צוויי דענקען פון איינער און דער זעלבער זאַך, פאַלט דאַן די שמערצען אויף איינעם פון זיי שווערער. (אַללאַן פערגעסט זיך און פאַנגט אָן צו צופּען די שפּיצען פון דאָס טאַשען-טיכעל) דאָס איז אַ קראַנקהייט וואָס קיינער קען ניט היילען... מען וויל ניט עסען, ניט טרינקען, נור וויינען, און מען וויינט זעהר ביטערליך... אַם ליעבסטען אין דרויסען, אין וואַלד, וואו קיינער זעהט ניט, ווייל פון אַזעלכע זאַכען לאַכען די מענשען... מענשען וועלכע זיינען אַזוי גרויזאַם... וואָס ווילסטו פון איהר? גאָר ניט! דו ווילסט ניט קושען איהרע ליפּען, ווייל דו פיהלסט, ווען דו וועסט עס טהון, וועסטו שטאַרבען. ווען דיינע געדאַנקען פליהען צו איהר, פיהלסטו ווי דער טוידט דערנעהענטערט זיך, וואָס אַמאָל נעהענטער. און עס איז דער טוידט, קינד, דער טוידט, וועלכער גיט דאָס לעבען. אָבער דאָס פערשטעהסטו נאָך ניט!... ס'פיהלט זיך דאָ אַ ריח פון רויזען-דופט. אָה, דאָס איז זי! (טרעט נעהענטער צו צו אַללאַן'ן און נעהמט אַרויס דאָס טאַשען-טיכעל פון זיינע הענד) זי איז דאָס! זי איז דאָס, איבעראַל נור זי, אָה, אָה, אָה! (אַללאַן זעהט קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו בעהאַלטען זיין געזיכט אין איהרע אָרעמס) אָרימער יונג! אָרימער יונג! אָה, ווי דאָס טהוט וועה ווי דאָס טהוט וועה! (זיווישט אָפּ זיינע טרעהרען מיט'ן טאַשען-טיכעל) אַזוי, אַזוי! וויין, וויין זיך אויס און ס'וועט דיר לייכטער

ווערען אויפ'ן הארצען... יעצט אָבער הויב זיך אויף, אַללאַן, און זיי א מאַן, אז ניט, וועט זי ניט וועלען קוקען אויף דיר די גרויזאַמע! וועלכע איז ניט גרויזאַם! האָט זי דיך געקוועלט מיט דעם לייטענאַנט? הער וואָס איך וויל דיר זאָגען, דו דאַרפסט ווערען בעפריינדעט מיט'ן לייטענאַנט, וועט איהר ביידע קענען ריידען וועגען איהר, און דאָס מאַכט אַביסעל לייכטער.

א ל ל א ן. איך וויל דעם לייטענאַנט ניט זעהן!

א ל י ס ע. נאַ, קוק אהער מיין יונג! דאַן וועט ניט נעהמען לאַנג און ער וועט דיך אויפזוכען אום צו קענען ריידען וועגען איהר, ווייל... (אויף אללאַן'ס געזיכט צושפרייט זיך אַ שטראַהל פון האָפנונג) נו, זאָל איך זיין אַ גוטע און דיר עס זאָגען? (אַללאַן לאָזט אַרונטער זיין קאָפּ) ער איז אַזוי אונגליקליך, גראַדע ווי דו.

א ל ל א ן. (פרעהליך) ניין...

א ל י ס ע. יאָ אַזוי וועט זיין. וואָרים ער דאַרף איינעם, פאַר וועמען זיך אויסצוריידען דאָס הארץ, וועלכעס יודיטה האָט פערוואונדעט. — ווי עס שיינט פרעהט דאָס דיך.

א ל ל א ן. זי וויל ניט דעם לייטענאַנט?

א ל י ס ע. זי וויל אויך דיך ניט, מיין טהייערער, ווייל זי וויל האָבען דעם פאַלקאָווניק. (אַללאַן ווערט ווידער בעטריבט) שוין ווידער טרעהרען? יאָ, דאָס טאַשען־טיכעל קענסטו ניט האָבען, ווייל יודיטה איז זעהר קאַפּריזנע, זי וויל אימער, אז דער דוצענד זאָל זיין אין גאַנצען. — יאָ, מיין טהייערער, אַזוי איז יודיטה. און יעצט בלייב דאָ זיצען, ביז איך וועל אָנשרייבען אַ בריעף, און נאַכהער וועסטו מיך קענען פאַלגען אַ גאַנג. (זי געהט צוריק צום שרייב־טיש און פאַנגט אָן צו שרייבען).

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. (קומט אַריין פון הינטער־גרונד; זעהט אויס מעלאַנכאָליש, אָבער ניט קאָמיש. בעמערקט ניט אַליסע'ן און געהט גלייך צו צו אַללאַן'ן) הערר וואָלונטיר! (אַללאַן הויבט זיך אויף) ביטע, איהר קענט זיצען! (אַליסע בעטראַכט זיי).

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. (זעצט זיך נעבען איהם אַוועק. זיפצט אָפּ. נעהמט אַרויס אַ טאַשען־טיכעל וואָס זעהט אויס ווי דאָס ערשטע, און ווישט זיך אָפּ דעם שטערען).

א ל ל א ן. (קוקט נייגעריג אויפ׳ן טאַשען־טיכעל).

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. (בעטראַכט איהם, מיט טרויעריגע בליקען).

א ל י ס ע. (הוסט).

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. (שפּרינגט אויף, בלייבט שטעהן מיט האַלטונג).

א ל י ס ע. ביטע, איהר קענט זיצען.

ד ע ר ל יי ט ע נ א נ ט. איך בעט אום פערצייהונג, גנע־דיגע פרוי!

א ל י ס ע. ס׳מאַכט ניט!.... זייט אזוי גוט, זעצט אייך, און לייסטעט דעם יונגען וואָלונטיר געזעלשאַפט. ער פיהלט זיך אביסעל איינזאַם דאַ אויפ׳ן אינזעל (זי שרייבט).

ד ע ר ל יי ט ע נ א נ ט. (רעדט מיט אַללאַ׳ן האַלב לויט עטוואַס פערלעגען) ס׳איז שרעקליך היים.

א ל ל א ן. אָה, יאַ.

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. האַט דער הערר וואָלונטיר, שוין דעם זעקסטען בוך געענדיגט.

א ל ל א ן. איך האַלט איהם ביים ענדיגען. (שווייגען).

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. האַט דער וואָלונטיר (זוכט ווער־טער) היינט געשפּיעלט טעניס?

א ל ל א ן. ניין, די זון האַט שרעקליך געברענט.

ד ע ר ל יי ט ע נ א נ ט. (אין אַנגסט אָבער ווירקט ניט קאָמיש) יאָ ס׳איז היינט שרעקליך היים!

א ל ל א ן. (מורמעלט) יאַ, ס׳איז היינט זעהר היים. (שווייגען).

ד ע ר ל יי ט ע נ א נ ט. האַט דער וואָלונטיר שוין היינט ארויסגערודערט אביסעל אויפ׳ן ים?

א ל ל א ן. ניין, איך האָב נישט געהאַט קיינעם, ווער ס׳זאָל רודערען.

ד ע ר ל יי ט ע נ א נ ט. האַט דער וואָלונטיר צו מיר אזוי פיעל צוטרויען, דאָס ער זאָל מיך לאָזען רודערען?

א ל ל א ן. (מיט דרך ארץ ווי פריהער) דאָס וואָלט זיין א צו גרויסע עהרע פאַר מיר.

ד ע ר ל יי ט ע נ א נ ט. אך, וואָס רעדט איהר!... דענקט איהר אז מיר וועלען נאָך קענען היינט אַרויסרודערען אזוי, אין מיטאָגס־צייט, ווייל נור דאן בין איך פריי?

א ל ל א ן. וואָרום ניט... אָבער פריילין יודיטה וועט אין דער צייט ניט קענען —

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. (בעטריבט) אַך, איך פערשטעה, דענקט איהר אז —

א ל י ס ע. וואָלט איינער, פון די יונגע העררען ניט געוואָלט זיין אזוי גוט, און אוועקטראָגען פאר מיר א בריעף? (אַללאַן און דער לייטענאַנט בעטראַכטען איינער דעם אַנדערען מיט מיסטריזען) צו פריילין יודיטה. (אללאַן און דער לייטענאנט שפּרינגען אויף, לויפען צו אַלליסען, אָבער דאָך מיט אַ געוויסע ווירדע וואָס זאָל פערבאָרגען זייערע געפיהלען) ביידע ווילט איהר? נו, זאָל זיין, וועט מיין בריעף זיין זיכערער (גיט דעם בריעף דעם לייטענאַנט) הערט נור, העררר לייטענאנט, קען איך ניט צוריק קריעגען דאָס טאשען־טיכעל? מיין טאָכטער איז זעהר קאַפּריזנע איבער איהרע זאכען. און דערפאר גיט מיר דאָס טאשען־טיכעל. איך וויל ניט לאַכען פון אייך, אָבער איהר דארפט אייך ניט מאַכען לעכערליך, ווען ס'איז ניט נויטהיג. דער פּאָלקאָווניק האָט ניט קיין חשק צו שפּיעלען די ראָלע פון אַ אָטהעלאָ. (נעהמט פון איהם דאָס טאַשען־טיכעל) יעצט געהט יונגע לייט, און זוכט אייערע געפיהלען צו פאַרבאָרגען, אזוי פיעל וויפיעל נור מעגליך.

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. (פערנייגט זיך און געהט אַב; אַללאַן געהט נאָך הינטער איהם).

א ל י ס ע. (רופט) אַללאַן!

א ל ל א ן. (בלייבט ניט ווילענדיג שטעהן אין דער טהיר) וואָס טאנטע?

א ל י ס ע. בלייב דאָ אויב דו ווילסט זיך ניט מעהר וועה טהון וויפיעל דו קענסט פערטראָגען.

א ל ל א ן. יאָ, אָבער ער געהט דאָך.

א ל י ס ע. לאָז איהם זיך פערברענען, אָבער דו היט זיך.

א ל ל א ן. איך וויל זיך ניט היטען!

א ל י ס ע. דו וויינסט אָבער נאָכהער, און דאַן קאָסט מיך געזונד דיר צו טרייסטען.

א ל ל א ן. איך וויל געהן.

א ל י ס ע. דאַן געה ! און ווען דו וועסט צוריקקומען וועל איך דיר קענען גוט אויסלאַכען. (אַללאַן לויפט שנעל אַרויס).

א ל י ס ע. (שרייבט ווידער).

ק ו ר ט. (קומט אריין) אליסע, איך האָב ערהאַלטען אַן אַנאָנימען בריעף, וועלכער בעאונרוהיגט מיר.

א ל י ס ע. האָסטו באַמערקט, ווי עדגאר איז געוואָרען גאָר אַן אַנדערער מענש, זינט ער האָט אויסגעטהאָן זיין יוניפאָרם. איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט אַז אַ ראָק אַזוי פיעל בעדייטען.

ק ו ר ט. דו ענטפערסט מיר ניט אויף מיין פראַגע.

א ל י ס ע. דאָס איז ניט געוועזען קיין פראַגע. דאָס איז געוועזען אַן אויסקונפט. וואָס איז דאָס וואָס דיר שרעקט ?

ק ו ר ט. יעדער זאַך שרעקט מיר !

א ל י ס ע. ער איז געפאָהרען אין שטאָדט. און אַלע זיינע רייזען אין שטאָדט ברייגגען מיט זיך עטוואָס שרעקליכעס.

ק ו ר ט. אָבער איך קען גאָר ניט טהוען, ווייל איך וויים ניט פון וואַנען די אַטאַקע וועט זיך אָנפאַנגען.

א ל י ס א. (לעגט צוזאַמען דעם בריעף) מיר וועלען זעהען אויב ס'איז ריכטיג ווי איך האָב געדענקט.

ק ו ר ט. וועסטו אָבער מיר העלפען ?

א ל י ס ע. יאָ !.... אָבער ניט מעהר וויפיעל מיינע אינטערעסען וועלען מיר דאָס ערלויבען. מיינע, דאָס הייסט מיינע קינדערס.

ק ו ר ט. דאָס קען איך פערשטעהן !.... הערסטו ווי שטיל ס'איז אין דער נאַטור, אויפ'ן ים און איבעראַל ?

א ל י ס ע. אָבער איך הער שטימען אונטער דער שטילקייט... אַ מורמלען, געשרייען !

ק ו ר ט. שטיל! איך הער אויך עטוואָס!.... ניין, דאָס זיי־נען בלויז די ים־פויגעל.

א ל י ס ע. אָבער איך הער אויך עפּעס אנדערש, איך.... נאַ, יעצט געה אויף דער פּאָסט — און אוועקשיקען דיזען בריעף!

(פאָרהאַנג)

---

# צווייטער אַקט

די זעלבע דעקאָראַציאָן; אַלאַן זיצט בײם שרייב־טיש און שטודירט. יודיטה שטעהט אין דער טהיר זי טראָגט אַ טעניס־הוט און אין דער האַנד האַלט זי די הענטליך פון א וועליסאָפּעד.

י ו ד י ט ה. קען איך לייהען דיין שרויפען־שליעסעל?

א ל ל א ן. ניין, דו קענסט ניט!

י ו ד י ט ה. דו ביזט שטאָלץ, ווייל דו מיינסט אז איך לויף דיר נאָך.

א ל ל א ן. (ניט אונפריינדליך) איך בין ניט שטאָלץ, אָבער איך פערלאַנג אז מען זאָל מיך לאָזען צורוה.

י ו ד י ט ה. (קומט נעהנטער) אַללאַן!

א ל ל א ן. יא, וואָס איז?

י ו ד י ט ה. דו דארפסט ניט בייז זיין אויף מיר.

א ל ל א ן. איך בין דאָס ניט.

י ו ד י ט ה. גיב מיר דערויף דיין האַנד!

א ל ל א ן. (מילד) איך וויל דיין האַנד ניט נעהמען. אָבער איך בין ניט בייז... וואָס ווילסטו אייגענטליך פון מיר?

י ו ד י ט ה. אָה, ווי נאַריש דו ביזט!

א ל ל א ן. דאָס זעהסטו, האָסטו רעכט!

י ו ד י ט ה. דו האַלסט מיך פאַר א גרויזאַמע, איך וויים.

א ל ל א ן. ניין, ווייל איך וויים אז דו ביזט אויך א גוטע — דו קענסט זיין א גוטע.

י ו ד י ט ה. אָבער וואָס קען איך העלפען — וואָס דו און דער לייטענאַנט געהען אין וואַלד אריין און וויינען דאָרט ? זאָג מיר, ווארום וויינט איהר ? (אללאן פערלעגען) זאָג ?... איך ווייס קיינמאָהל ניט. און וואָרום זייט איהר געוואָרען אַזעלכע גוטע פריינד ? פון וואָס רעדט איהר, ווען איהר שפּאַצירט ביידע גע־ארעמט ? (אללאן קען ניט ענטפערען) אללאן, דו ווייסט באַלד זעהן וואָס איך קען טהאָן, פאַר דעם ווענען איך ליעב... איך וועל דיר אויך געבען א ראטה וואָס צו טהאָן.... כאָטש איך בין ניט פון די וואָס דערצעהלען אָפּ.... זיי בערייט !

א ל ל א ן. אויף וואָס ?

י ו ד י ט ה. אויף פערדריסליכקייטען !

א ל ל א ן. פון וואָס פאַר א זייט ?

י ו ד י ט ה. פון דער זייט, פון וועלכע דו ערוואַרטעסט דאָס אם ווענינסטען.

א ל ל א ן. דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך וועל ווערען ענטוישט. דאָס לעבען האָט פאַר מיר קיין גרויסע פער־געניגענס נישט געהאַט. וואָס שטעהט דען יעצט פאָר ?

י ו ד י ט ה. דו אָרימער יונג !.... גיב מיר דיין האנד !

א ל ל א ן. (רייכט איהר זיין האַנד).

י ו ד י ט ה. קוק אויף מיר !.... דו וואגסט ניט צו קוקען אויף מיר ?

(אללאן געהט שנעל אָב דורך לינקס, אום צו פערבאָרגען זיינע געפיהלען).

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. (קומט אריין פון הינטער־גרונד) פערצייהעט איך האָב געמיינט אז דער וואָלונטיר —

י ו ד י ט ה. הערט, הער לייטענאנט, וואָלט איהר געוואָלט זיין מיין פריינד ?

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. ווען איהר ווילט מיר נור פער־שאַפען די עהרע —

י ו ד י ט ה. יא !... נור איין וואָרט !.... פערלאָזט ניט אללאן'ען, ווען דער אונגליק וועט קומען.

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. וואָס פאַר אַן אונגליק?

י ו ד י ט ה. דאָס וועט איהר שוין זעהן.... און פיליכט נאָך היינט!.... ליעבט איהר איהם?

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. דער יונגער מאַן איז מיין בעס־טער שילער, און איך שעץ איהם אויך פערזענליך, פאַר זיין שטאַר־קען כאַראַקטער.... יאָ דאָס לעבען האָט אין זיך מאָמענטען, וואָס מען מוז האָבען קראַפט אַלעס צו ערטראָגען, צו דולדען, און צו ליידען.

י ו ד י ט ה. אַלזאָ, איהר ליעבט איהם?

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. יאָ.

י ו ד י ט ה. דאַן זוכט איהם אויף, און מאַכט איהם אביסעל פרעהליך —

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. איך בין טאַקע דערפאַר אַהער געקומען — נור דערפאַר, און פאַר קיין אַנדער זאַך ווי דאָס.

י ו ד י ט ה. דאָס איז זעהר פיין פון אייך. אַללאַן איז גע־גאַנגען דעם וועג! (צייגט איהם אָן נאָך לינקס).

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. (געהט צעגערענד נאָך לינקס) יאָ!.... איך וועל עס טהון!

י ו ד י ט ה. טהוט דאָס, איך בעט אייך.

א ל י ס ע. קומט אריין פון הינטערגרונד) וואָס טהוסטו דאָ?

י ו ד י ט ה. איך האָב מיר געוואָלט לייהען, א שרויפען־שליסעל.

א ל י ס ע. ווילסטו מיך אויסהערען פאַר איין אויגענבליק?

י ו ד י ט ה. געוויס, וועל איך דיך אויסהערען.

א ל י ס ע. (זעצט זיך אויף דער סאָפע).

י ו ד י ט ה. אָבער זאָג שנעל וואָס דו האָסט צו זאָגען, איך האָב פיינט לאַנגע דרשות.

א ל י ס ע. גוט, הער וואָס איך וועל דיר זאָגען. פערקאָם דיינע האָאָר אויף אַרויף, און טהו אָן א לאַנגע קלייד.

י ו ד י ט ה. וואָרום?

א ל י ס ע. גאַנץ איינפאַך, דו ביזט שוין מעהר קיין קינד. דו ביזט א מיידעל וועלכער ס'פאַסט שוין צו שטעהן אונטער דער

חופה. און דיין ארט קליידען זיך פעראורזאכט רעדעריי.

י ו ד י ט ה. גוט, אויב אזוי וועל איך עס טהון.

א ל י ס ע. האָסטו מיך פערשטאַנען ?

י ו ד י ט ה. יא.

א ל י ס ע. און ביזטו מיט מיר איינשטימיג ?

י ו ד י ט ה. פאָלקאָמען.

א ל י ס ע. אין אַלע פונקטען ?

י ו ד י ט ה. אין אַלע !

א ל י ס ע. דו מוזט אויך אויפהערען זיך צו שפּיעלען מיט אַללאַן'ען.

י ו ד י ט ה. ווערט דאָס דען אזוי ערנסט ?

א ל י ס ע. יאָ.

י ו ד י ט ה. וועל איך עס שוין אָנפאַנגען. (זי האָט שוין די הענטליך אָוועקגעלייגט, יעצט לאָזט זי אַרונטער דאָס וועליסאָפּעד־קלייד, דרעהט אַרום איהר צאָפּ אַרום קאָפּ, און נעהמט אַרויס אַ האָאר־נאָדעל פון איהר מוטער'ס האָאר, און שטעקט זי אריין אין איהרע דאַמיט ס'זאָל האַלטען).

א ל י ס ע. ס'איז ניט פיין זיך צו מאכען די טואלעט אין אַ פרעמד הויז.

י ו ד י ט ה. איז גוט אזוי ?.... אויב אזוי בין איך שוין פערטיג. און יעצט מעג קומען ווער עס וואַגט נור !

א ל י ס ע. יעצט זעהסטו אויס וועניגסטענס אנשטענדיג.... און לאָז אויך פון יעצט אָן צופריעדען אַללאַן'ען.

י ו ד י ט ה. איך פערשטעה ניט, וואָס דו מיינסט ?

א ל י ס ע. זעהסטו דען ניט ווי ער ליידעט...

י ו ד י ט ה. יאָ, איך גלויב, איך האָב דאָס באמערקט, אָבער איך וויים ניט ווארום. איך לייד ניט !

א ל י ס ע. דאָס איז דיין שטאַרקייט ! אָבער ס'וועט קומען אַ טאָג, ווען דו וועסט עס אויך דערפיהלען... נו, יעצט געה אהיים און פערגעס ניט, אז דו טראָגסט אַ לאַנגע קלייד.

י ו ד י ט ה. דאַרף מען דען געהן אנדערש ?

א ל י ס ע. פּרוביר דאָס !

י ו ד י ט ה. (פערזוכט צו געהן ווי א דאַמע) אָה, מיינע פיס זיינען געבונדען, איך בין געפאַנגען. איך קען מעהר ניט לויפען.

א ל י ס ע. יאַ, קינד, יעצט פאַנגט זיך אָן דער וועג, דער לאַנגזאַמער שטראָם צום אונבעקאַנטען, וואָס ס'איז דיר שוין בע־וואוסט. אָבער דו מאַכסט זיך ווי דו ווייסט ניט דערפון !... קיר־צערע שריט ! און לאַנגזאַמערע ! גאַנץ לאַנגזאַמערע ! די קינדער שיך וועסטו יעצט מוזען אויסטהאָן, און אָנטהאָן שניער־שטיוועל. יאַ, יודיטה דו קענסט ניט געדענקען ווען דו האָסט אויסגעטהאָן די זאָקען און אָנגעטהון שיכלעך. איך אָבער געדענק דאָס.

י ו ד י ט ה. דאָס וועל איך קיינמאָל ניט קענען אויסשטעהן.

א ל י ס ע. און דאָך מוזטו עס ! מוזט !

י ו ד י ט ה. געהט צו צו דער מוטער, גיט איהר א לייכטען קוש אויף דער באַק, דאַן געהט זי אָב ווי אַ דאַמע, פערגעסט אָבער די הענטליך) אדיע !

ק ו ר ט. (פון רעכטס) זעה נור, דו ביזט שוין דאָ ?

א ל י ס ע. יאָ !

ק ו ר ט. ווי האָט ער אויסגעזעהן ?

א ל י ס ע. ער האָט געטראָגען זיין פּאַראַד אָנצוג, האָט ער געמוזט זיין ביים פּאָלקאָווניק, און ער האָט אויך געטראָגען צוויי אָרדענס אויף דער ברוסט.

ק ו ר ט. צוויי ? — אז ער האָט בעדאַרפט בעקומען צו זיין אבשיעד אַ שווערד־אָרדען דאָס ווייס איך. אָבער וואָס פאַר א סאָרט קען זיין דער צווייטער.

א ל י ס ע. איך פערשטעה מיך ניט דערויף. אָבער ס'איז געווען אַ ווייסער קרייץ אין אַ רויטען.

ק ו ר ט. דאָס איז א פּאָרטוגעזישער ! — לאָז מיר זיך נור דערמאָנען — — בעהאַנדעלט ער ניט אין זיין ארטיקעל אין דער צייט־שריפט, די קאַראַנטין־אַנשטאַלטען פון פּאָרטוגעזישען האפען ?

א ל י ס ע. יאַ, וויפיעל איך קען זיך עראינערען.

ק ו ר ט. און ער איז אין פּאָרטוגאַל קיינמאָל ניט געווען ?

א ל י ס ע. ניין.

ק ו ר ט. אָבער איך בין דאָרט געווען !

א ל י ס ע. וואָרום האָסטו אַלעס דערצעהלט. זיין זכרון איז שטארק. און ער געדענקט אַלעס.

ק ו ר ט. גלויבסט ניט אז יודיטה האָט איהם א סך ארויס־געהאָלפען !

א ל י ס ע. ניין, ס'איז אָבער דאָ גרענעצען — (הויבט זיך אויף) און דו ביזט זיי אריבער !

ק ו ר ט. וועלען מיר זיך יעצט מוזען קריגען ?

א ל י ס ע. דאָס ווענדעט זיך אין דיר ! נור ריהר ניט אָן מיינע אינטערעסען !

ק ו ר ט. ווען זיי קרייצען מיינע מוז איך דאָס... דאָ קומט ער !

א ל י ס ע. יעצט וועט עס געשעהן !

ק ו ר ט. וואָס וועט געשעהן ?

א ל י ס ע. מיר וועלען שוין באלד זעהן.

ק ו ר ט. וואָלט עס שוין איינמאָל ארויס אין דער עפענט־ליכקייט, אזא צושטאנד מאכט מיר נערוועז ! איך האָב שוין מעהר קיין איינציגען פריינד דאָ אויפ'ן אינזעל.

א ל י ס ע. וואַרט נור, זעץ דיך דאָ אויף דער זייט — ער וועט געווים נעהמען דעם שטוהל — און דאן וועל איך דיר קענען סאָפליערען.

ק אַ פּ י ט א ן. (קומט פון הינטערגרונד אין פּאראד יוניפאָרם, און אויף דער ברוסט דעם שווערד־אָרדען, און דעם קריסטוס־אָרדען) גוטען טאָג ! — דאָ איז דער פערזאַמלונגס־פּלאַץ !

א ל י ס ע. דו ביזט מיעד — זעץ דיך.

(דער קאַפּיטאן זעצט זיך אויף דער סאָפע לינקס, און ניט אויפ'ן שטוהל וואו זי האָט איהם אנגעוויזען).

א ל י ס ע. מאך זיך בעקוועם.

ק אַ פּ י ט א ן. דאָ איז אויך גוט. דו ביזט זעהר פריינדליך.

א ל י ס ע. (צו קורטין) זיי פאָרזיכטיג ! ער פערדעכטיגט אונז !

ק א פּ י ט א ן. (ווארטשענדיג) וואָס האָסטו געזאָגט ?
א ל י ס ע. (צו קורטין) ער האָט זיכער געטרונקען.
ק א פּ י ט א ן. (גראָב) ניין, דאָס האָט ער ניט ! נו, ווי האָט איהר אייך דאָ אונטערהאַלטען ?
א ל י ס ע. און ווי האָסטו זיך אונטערהאַלטען ?
ק א פּ י ט א ן. זעהסטו מיינע אָרדענס ?
א ל י ס ע. ניין.
ק א פּ י ט א ן. איך גלויב דו ביזט אייפערזיכטיג — ווען נישט וואָלסטו מיך גראַטולירט.
א ל י ס ע. מיר האָבען די עהרע !
ק א פּ י ט א ן. דו זעהסט מיר בעקומען דאָס, אנשטאט לאָרבער־קראַנצען, וואָס איהר שוישפּילערינס בעקומט.
א ל י ס ע. דו מיינסט די לאָרבער־קראַנצען, וועלכע הענגען אין הויז אויף דער וואַנד פון טורם ?
ק א פּ י ט א ן. יאָ, וועלכע דו האָסט בעקומען פון דיין ברודער.
א ל י ס ע. זיי שטיל !
ק א פּ י ט א ן. און פאר וועלכע איך האָב געמוזט קניהען פינף־און־צוואַנציג־יאָהר צייט ! און וואָס ס'האָט מיר גענומען פינף־און־צוואַנציג־יאָהר צייט פון זיי פּטור צו ווערען.
א ל י ס ע. דו האָסט געזעהן מיין ברודער ?
ק א פּ י ט א ן. יאָ, (אַליסע אזוי ווי דערשראָקען. שווייגען) און דו קורט, דו האָסט גאָרנישט וואָס צו זאָגען ?
ק ו ר ט. איך וואַרט.
ק א פּ י ט א ן. הער נור, איך גלויב אז דו האָסט שוין גע־הערט די גרויסע נייעס ?
ק ו ר ט. ניין.
ק א פּ י ט א ן. ס'איז מיר ניט אנגענעהמען צו זיין דער וועלכער —
ק ו ר ט. אָך לאָמיר הערען וואָס ?
ק א פּ י ט א ן. די סאָדע־פאַבריק האָט געקראַכט.

ק ו ר ט. דאָס איז העכסט אונאַנגענעהם !... און ווי האַלט עס מיט דיר.

ק א פּ י ט אַ ן. גאַנץ גוט. איך האָב פערקויפט מיינע אַקציען בעציימענס.

ק ו ר ט. דאָס האָסטו גוט געטהאָן !

ק אַ פּ י ט א ן. אָבער ווי האַלט עס מיט דיר ?

ק ו ר ט. שלעכט !

ק אַ פּ י ט א ן. דאָס ביזטו זיך אַליין שולדיג. דו האָסט גע־ ווען בעדאַרפט דיינע אַקציען פערקויפען בעצייטענס, אָדער זיך פערשרייבען פאר נייע.

ק ו ר ט. דאַן וואָלט איך דאָס אויך פערלאָרען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. ניין. ווייל דאַן וואָלט די געזעלשאַפט זיך געוועזן געקענט האַלטען.

ק ו ר ט. ניט די געזעלשאַפט, נור די דירעקטאָרען, ווייל איך האָב געזעהן אז אין דעם פערשרייבען פאר נייע אַקציען א זאמלונג פאר די דירעקטאָרען.

ק אַ פּ י ט א ן. קען יעצט דיזע בעטראַכטונג דיר רעטען, דאָס איז די פראַגע.

ק ו ר ט. ניין, איך מוז אַלעס אויפגעבען.

ק אַ פּ י ט א ן. אַלעס ?

ק ו ר ט. אויך די וואוינונג און די מעבעל !

ק אַ פּ י ט אַ ן. אָבער דאָס איז שרעקליך !

ק ו ר ט. איך האָב שוין ערגערס דורכגעלעבט ! (שווייגען).

ק אַ פּ י ט אַ ן. אזוי איז דאָס ווען אַן אונערפאַרענער מענש וויל שפּעקולירען.

ק ו ר ט. איך בין ערשטוינט דיך הערען אזוי רעדען. ווייל דו ווייסט דאָך אַז איך האָב זיך געמוזט פערשרייבען אין זייערע אַקציען, ווען ניט וואָלטען זיי מיך דאָך אַלע באָיקאָטירט !..... און יעצט רופסט דו עס גאָר שפּעקולירען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (אונגעריהרט) וואָס דענקסטו יעצט צו טהון?

ק ו ר ט. אַלעס אויספערקויפען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס איז די בעסטע זאַך.

ק ו ר ט. וואָס מיינסטו ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך מיין !... דאָ (לאַנגזאַם) וועט נעמליה אויף פּאָרקומען געוויסע ענדערונגען.

ק ו ר ט. דאָ אויפ׳ן אינזעל ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יא !... אַזוי צום ביישפּיעל.... וועט דיין וואוינונג איבערגעביטען ווערען פּאַר אַן אַנדערע, פּאַר אַן איינ־פּאַכערע.....

ק ו ר ט. אַזוי

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאָ, ס׳איז בעשטימט געוואָרען איבערצו־שטעלען די קאַראַנטין אויף יענער זייט אינזעל, ביים סאַמע ברעג פון וואַסער.

ק ו ר ט. דאָס איז געווען מיין ערשטע אידעע !

ק אַ פּ י ט אַ ן. (טרוקען) דאָס ווייס איך ניט.... מיר איז דיינע אידעען אין דער זאַך ניט בעקאַנט..... איבעריגענס, דאָס נאַטירליכסטע וואָלט געווען, דו זאָלסט די מעבעל אַוועקשיקען, וואָלט דער סקאַנדאַל אריבער אונבעמערקט.

ק ו ר ט. וואָס ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. דער סקאַנדאַל ! (גלייכט זיך אויס זיצענדיג) ווייל ס׳איז אַ סקאַנדאַל צו קומען אין אַ נייעם פּלאַץ, און זיך אריינלאָזען אין אַלערליי געשעפטען, וועלכע מוזען זיך ענדיגען מיט אונאַנגענעהמליכקייטען פאַר דער פאַמיליע — אַממייסטענס פּאַר דער פּאַמיליע !

ק ו ר ט. די גרעסטע אונאַנגענעהמליכקייט האָב איך דערפון.

ק אַ פּ י ט אַ ן. איך וויל דיר אויך זאָגען, מיין ליעבער קורט, ווען איך זאָל ניט געווען שטעהן, אויף דיין זייט אין דיזער אַנ־געלעגענהייט, וואָלסטו די שטעלע אויך פערלאָרען.

ק ו ר ט. אויך דאָס ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו פיהרסט ניט ריכטיג דיינע געשעפטען ! — מען האָט געגען דיין דינסט קלאַגען אריינגעבראַכט.

ק ו ר ט. בערעכטיגטע קלאַגען ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאָ, ווייל דו ביזט — ניט קוקענדיג אויף

דיינע אנדערע גוטע אייגענשאפטען — א נאכלעסיגער מענש ! — דו ביזט זעהר נאכלעסיג.

ק ו ר ט. ווי זאָנדערבאר !

ק אַ פּ י ט אַ ן. יעדענפאַלס — די בעשטימטע ענדערונגען דאָ, וועלען אין גיכען געמאכט ווערען. דערפאר וואָלט איך דיר געראטהען, דו זאָלסט מאכען דעם אויספערקויף וואָס שנעלער, אָדער זוכען דאָס צו פערקויפען פּריוואט.

ק ו ר ט. פּריוואט ? וואו קען איך דאָ געפינען א קויפער ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו מיינסט דאָך ניט, אז איך וועל איבער־נעהמען דיינע מעבעל ? דאָס וואָלט געווען א שעהנע געשיכטע — המ ! (לאַנגזאַם) בעזאָנדערס ווען מען דענקט.... וואָס ס'האָט פּריהער.... אמאָל פּאסירט....

ק ו ר ט. וואָס איז דאָס געווען? — מיינסטו דאָס וואָס עס האָט ניט פּאסירט ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. אַליסע זיצט אזוי שטיל. וואָס איז דיר אַלטע מיידעל ? ווי איך זעה פיהלסטו זיך שלעכט געשטימט.

אַ ל י ס ע. איך זיץ און דענק...

ק אַ פּ י ט אַ ן. אָה קרייץ ! דו דענקסט ? אָבער דו מוזט שנעלער דענקען, קאָרעקט און שארף, אויב דו ווילסט וועל איך דיר העלפען !.... אזוי : דענק יעצט ! איינס, צוויי, דריי, הא־הא־הא ! דו קענסט ניט !... איך וועל פּראָבירען, אָבער זאָג מיר נור וואו קען ערגיץ זיין יודיטה ?

אַ ל י ס ע. זי איז ערגיץ.

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואו איז אַללאַן ?

אַ ל י ס ע. (שווייגט).

ק אַ פּ י ט אַ ן. וואו איז דער לייטענאנט ?

אַ ל י ס ע. (שווייגט).

ק אַ פּ י ט אַ ן. הער נור, קורט, וואָס דענקסטו יעצט צו טהאָן מיט אַללאַן'ן ?

ק ו ר ט. מיט אַללאַן ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאָ. דו ווייסט דאָך איהם אין דער ארטילע־ריע שוין מעהר ניט קענען האַלטען ?

ק ו ר ט. מיר וועלען זעהן.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו דאַרפסט פאַר איהם זוכען, אַ ביליגע אינ־פאַנטעריע, אויבען אין נאָרלאַנד פיליינכט, אָדער ערגיץ אַנדערש.

ק ו ר ט. אין נאָרלאַנד?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ, אָבער פיליינכט וואָלסטו איהם געלערענט עפּעס פּראַקטישעס? איך אויף דיין פּלאַץ וואָלט איהם פערזאָרגט אַ שטעלע אין אַ קאַנטאָר... ווארום ניט (קורט שווייגט) אין די היינטיגע אויפגעקלערטע צייטען איז דאָס ניט אַזוי שלעכט..... אַליסע איז אַזוי אויסערגעוועהנליך שטיל..... יאָ, מיינע קינדער, אַזוי איז דאָס לעבען, מען הוידעט זיך, אָט איז מען שטאָלץ אין דער הויך, און באַלד איז מען צוריק אַרונטער — אַזוי איז דאָס. (צו אליסען) דו האָסט עפּעס געזאָגט? (אַליסע טרייסעלט איהר קאָפּ אויף ניין) יאָ, מיר מעגען ערוואַרטען בעזוך די טעג — גאָר אַ גרויסען בעזוך!

אַ ל י ס ע. וועמען?

ק אַ פּ י ט אַ ן. זעהסטו דו ביזט שוין אינטערעסירט!... אָבער יעצט קענסטו דאָרט זיצען און טרעפען ווער. און וועהרענד דער צייט, וועל איך דיר געבען, דעם בריעף איבערצולעזען נאָך אַמאָל. (ער דערלאַנגט איהר אַן אָפּענעם בריעף).

אַ ל י ס ע. מיין בריעף? אויפגעעפענט? פון דער פּאָסט צוריק?

ק אַ פּ י ט אַ ן. (הויבט זיך אויף) יאָ, אַלס דער הויפּט פון דער פאַמיליע, און דיין וועכטער, וואַך איך איבער די הייליגע אינ־טערעסען פון דער פאַמיליע, און שנייד אָפּ מיט אַן אייזערנע האַנד יעדען פערזוך, צו צורייסען דאָס פאַמיליען־באַנד, דורך פאַר־ברעכערישע קאָרעספּאָנדענצען! (אַליסע דערשלאָגען) איך בין ניט טויט. אָבער ווער ניט בייז גראַדע יעצט ווען איך וויל אונז אַלע אויפהויבען פון אַן אונפאַרדינטער ערניעדערונג, וועניגסטענס אונפערדיענט פון מיין זייט!

אַ ל י ס ע. יודיטה! יודיטה!

ק אַ פּ י ט אַ ן. און אַליפאָרגום? זאָל איך דאָס זיין? פּפוי! (געהט דורכ'ן הינטער גרונד אַרויס).

ק ו ר ט. ווער איז דער מענש ?

א ל י ס ע. פון וואנען זאָל איך וויסען ?

ק ו ר ט. מיר זיינען געשלאָגען !

א ל י ס ע. יא קיין צווייפעל !

ק ו ר ט. מיך האָט ער אויסגענאָגט. אָבער אַזוי געשיקט, אז איך קען איהם אפילו ניט פערקלאָגען.

א ל י ס ע. אָה דו ביזט דאָך נאָך איהם א בעל חוב, דו ביזט דאָך איהם שולדיג דאנקבארקייט.

ק ו ר ט. ווייס ער וואָס ער טהוט ?

א ל י ס ע. ניין, דאָס גלויב איך ניט. ער פאָלגט זיין נאַטור, און זיינע אינסטינקטען. און יעצט ווי עס שיינט, האָט ער דאָ געפונען אונטערשטיצונג, וואו גליק און אונגליק וועט אויסגעטהיילט ווערען.

ק ו ר ט. איך גלויב אז דאָס מוז זיין דער פּאָלקאָווניק, וועלכער וועט דאָ מאכען בעזוך.

א ל י ס ע. וואהרשיינליך. און דערפאר מוז אללאן אוועק פון דאנען !

ק ו ר ט. דו האָלסט עס פאר ריכטיג ?

א ל י ס ע. יא !

ק ו ר ט. דאן שיידען זיך אויך אונזערע וועגען.

א ל י ס ע. (פארטיג צו געהן) ניט אויף לאנג ! — מיר וועלען זיך נאָך ווידער טרעפען.

ק ו ר ט. וואהרשיינליך ! —

א ל י ס ע. און וויסטו וואו ?

ק ו ר ט. אויף דעם זעלבען אָרט.

א ל י ס ע. דו שטעלסט זיך עס פאָר ?

ק ו ר ט. דאָס איז ניט שווער. ער וועט איבערנעהמען די וואוינונג, און קויפען דאָס מעבעל.

א ל י ס ע. דאָס גלויב איך אויך, אָבער פערלאָז מיך ניט.

ק ו ר ט. ניט צוליעב אזא קליינע זאך.

א ל י ס ע. א גוטען טאָג ! (געהט)

ק ו ר ט. א גוטען טאָג !

(פאָרהאַנג)

# דריטער אַקט

די זעלבע דעקאָראַציאָן. אין דרויסען איז פערוואָלקענט, און עס רעגענט. אַליסע און קורט קומען פון הינטער גרונד אריין, זיי טראָגען רעגען־מאַנטלען און שירמס.

א ל י ס ע. ענדליך זעה איך דיך וויעדער דאָ ביי מיר. אָבער איך קען ניט זיין אזוי גרויזאם און דיר הייסען זיין ווילקאָמען אין דיין אייגען הויז —

ק ו ר ט. אָה, ווארום ניט ? דאָס איז ניט געווען, דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב אויספערקויפט מיין הויז־ווירטשאַפט... דאָס איז שוין דאָס דריטע מאָל.... אָדער נאָך מעהר.... איך בין שוין צוגעוואָהנט דערצו.

א ל י ס ע. האָט ער דיך אהער גערופען ?

ק ו ר ט. איך בין אהער פאָרמאַלנע גערופען געוואָרען, אָבער אוים וועלכען גרונד פערשטעה איך ניט.

א ל י ס ע. ער איז דאָך ניט דיין אָבער הערר ?

ק ו ר ט. ניין, אָבער ער האָט זיך דאָ געקרוינט אויפ'ן אינזעל אלם דער קעניג. און ווען איינער איז געגען איהם, דארף ער מעהר ניט ווי דערמאָהנען דעם פאָלקאָווניקס נאָמען, און אַלעס בייגט זיך פאר איהם !.... זאָג מיר, איז דאָס היינט. ווען דער פאָלקאָווניק קומט ?

א ל י ס ע. מען ערווארטעט איהם — אָבער אויף זיכער וויים מען ניט — זעץ דיך —

ק ו ר ט. (זעצט זיך) דאָ איז קיין זאַך ניט איבערגעענדערט געוואָרען, אלעס איז ווי ס'איז געווען.

א ל י ס ע. דענק ניט דערפון — ריים ניט אויף די אלטע וואונדען.

ק ו ר ט. וואונדען ? מיר קומט עס נור פאָר זאָנדערבאר ! זאָנדערבאר ווי דיזער מענש איז גאנצען, ווייסט, נאָך אין דער יוגענד, פלעג איך פון איהם פליהען.... אָבער ס'האָט ניט געהאָלפען, ער פלעגט אימער צו זיין אונטער מיר, מיך שמייכלען,

מיר אָנבאָטען זיין דיענסט, און אזוי האָט ער מיך געבונדען צו זיך... איך פלעג אימער צו וועלען פון איהם פליהען, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפען — און יעצט בין איך זיין שקלאַף!

א ל י ס ע. אָבער זאָג מיר וואָרום איז דאָס? ער איז דיר שולדיג א חוב, און הייסען, הייסט דאָס, אז דו ביזט איהם גאָר שולדיג.

ק ו ר ט. נאָך דעם ווי איך בין רואינירט געוואָרען, האָט ער זיך אָנגעבאָטען, אז ער זאָל און וויל העלפען אַללאַן'ען אין זיין עקזאמען —

א ל י ס ע. פאַר וועלכען דו וועסט דאַרפען טהייער בעצאָה־לען. ביזטו נאָך א קאַנדידאַט צום רייכסטאָג?

ק ו ר ט. יאַ. ווי ווייט איך קען זעהן, איז נאָך דערווייל קיין הינדערניסען ניטאָ (שווייגען).

א ל י ס ע. וועט אַללאַן טאַקע היינט אָבפאָהרען?

ק ו ר ט. יאָ, ווען איך וועל דאָס ניט קענען הינדערען.

א ל י ס ע. דאָס איז געווען אַ קורצע פרייד.

ק ו ר ט. קורץ ווי יעדער זאַך, אויסער דאָס לעבען זעלבסט, וואָס איז אזוי שרעקליך לאַנגווייליג.

א ל י ס ע. יאָ, דאָס לעבען איז שרעקליך לאַנג!.... וואָלסטו ניט געוואָלט אריינגעהן אין נעבען צימער, און דאָרט וואַרטען? ווען די אומגעבונג דאָ, פאַרשאַפט דיר ניט קיין יסורים, פאַרשאַפט זי אָבער מיר.

ק ו ר ט. ווען דו ווינשט אזוי —

א ל י ס ע. איך שעהם זיך, איך שעהם זיך אזוי, אז מיר ווילט זיך שטאַרבען. — אָבער איך קען דאָס ניט ענדערען.

ק ו ר ט. דאַן לאָמיר דאָ אריינגעהן, ווי דו פערלאַנגסט.

א ל י ס ע. ס'קומט דאָ אהער, זאָ ווי זאָ אימיצער. (זיי געהן ביידע אָב נאָך לינקס).

(דער קאַפּיטאַן און אַללאַן קומען דורכ'ן הינטער־גרונד אריין. ביידע אין יוניפאָרם און טראָגען מאַנטלען)

ק א פּ י ט א ן. זעץ דיך, מיין יונג, איך האָב מיט דיר צו רעדען.

אַ ל ל אַ ן. (זעצט זיך אויף אַ שטוהל לינקס)

קאַ פּ י ט אַ ן. עס רעגענט היינט, ווייטער וואָלט איך דאָ געקענט זיצען און ארויסקוקען אויפ'ן ים. (שווייגען) נו, ווילסטו אָברייזען, ניין ?

אַ ל ל אַ ן. איך פערלאָז ניט גערן מיין פאָטער.

קאַ פּ י ט אַ ן. יאָ דיין פאָטער, ער איז אַ זעהר אונגליק־ליכער מענש. (שווייגען) און זעלטען ווען עלטערען פערשטעהן, וואָס פאר זייערע קינדער וואָלט גוט געווען. דאָס הייסט — ס'איז אויך דאָ אויסנאַהמען! המ!... הער אַללאַן, שטעהסטו אין פערבינדונג מיט דיין מוטער ?

אַ ל ל אַ ן. יאָ זי שרייבט מיר פון צייט צו צייט.

קאַ פּ י ט אַ ן. ווייסטו אז דיין מוטער האָט דאָס רעכט אויף דיר אויפצופאַסען ?

אַ ל ל אַ ן. יאָ.

קאַ פּ י ט אַ ן. הער נור, און ווייסטו אויך אַז דיין מוטער האָט מיר איבערגעבען דאָס רעכט, צו האַנדלען און צו בעשליסען וועגען דיר ?

אַ ל ל אַ ן. דאָס האָב איך ניט געוואוסט.

קאַ פּ י ט אַ ן. נו, ווייסטו יעצט. און דערפאַר איז די דיסקוסיאָן איבער דיין קאריערע אָבגעשלאָסען !... און דו געהסט קיין נאָרדלאַנד.

אַ ל ל אַ ן. איך האָב דאָך קיין געלד ניט.

קאַ פּ י ט אַ ן. דאָס האָב איך שוין בעזאָרגט.

אַ ל ל אַ ן. אויב אזוי ליעבער אָנקעל, איז אלעס וואָס איך קען טהאָן, איז אייך צו דאַנקען.

קאַ פּ י ט אַ ן. דו ביזט דאַנקבאַר, דו ? — ניט אַלע זיינען דאָס. המ!... (ערהויבט זיין שטימע) דעם פּאָלקאָווניק, — קענסטו ?

אַ ל אַ ן . (פערלעגען) ניין, איך קען איהם ניט.

קאַ פּ י ט אַ ן. דער פּאָלקאָווניק (לאַנגזאַם) איז מיין בעס־טער פריינד (שוין עטוואָס שנעלער) ווי — דו — פיליכט — ווייסט! דער פּאָלקאָווניק האָט זיך געוואָלט אינטערעסירען מיט

מיין פאַמיליע און אויך מיט מיין פרוים פאַמיליע און האָט דערפאַר געזעהן צו שאפען דאָס געלד פאר דער רייזע, און האָט אויך גע־זעהן אז דו זאָלסט קענען ענדיגען דיין קורס, און יעצט ווייסטו די פפליכטען וואָס דו און דיין פאָטער זיינען שולדיג דעם פאָל־קאָווניק ? האָב איך גענוג דייטליך גערעדט ? (אַללאַן שאָקעלט מיט׳ןקאָפּ) יעצט געה און פאַק זיך איין דיינע זאכען. דאָס געלד וועסטו קריגען ביים אָפּרייזען. און, אדיע מיין ליעבער יונג ! (רייכט איהם איין פינגער) זיי געזונד ! (ער הויבט זיך אויף און געהט אָב נאָך רעכטס)

(אַללאַן שטעהט שטיל און בעקוקט טרויעריג דאָס צימער)

י ו ד י ט ה. (קומט אריין פון הינטער־גרונד. זי טראָגט אַ קאַפּוזע־רעגענמאַנטעל און אַ שירים. וויטער איז זי שעהן געקליידעט, אין אַ לאַנגע קלייד, און די האָר אַרויפגענומען ) ביזטו דאָס אַללאַן?

אַ ל ל א ן. (דרעהט זיך אום און בעטראַכט זי געגנוי) איז דאָס יודיטה ?

י ו ד י ט ה. דו דערקענסט מיך ניט מעהר ? וואו ביזטו געוועזן די גאַנצע צייט?.... וואָס קוקסטו אזוי אויף מיר? אויף מיין לאַנגע קלייד..... דו האָסט נאָך עם פריהער ניט געזעהן ?....

א ל ל א. ניין.

י ו ד י ט ה. זעה איך אוים ווי אַ פערהייראטע פרוי ?

(אַללאַן דרעהט זיך אוועק פון איהר)

י ו ד י ט ה. (ערנסט) וואָס טהוסטו דאָ ?

אַ ל ל אַ ן. איך בין געקומען זיך געזעגענען.

י ו ד י ט ה. וואָס ! — דו פאָהרסט אוועק פון דאנען ?

א ל ל א ן. יאָ, קיין נאָרלאַנד.

י ו ד י ט ה. (דערשלאָגען) קיין נאָרלאַנד? — ווען פאָהרסטו אָב ?

א ל ל אַ ן. היינט.

י ו ד י ט ה. ווענעמס ארבייט איז דאָס ?

אַ ל ל אַ ן. דיין פאָטערס.

יודיטה. איך האָב דאָס אָבער באַלד פערשטאַנען. (געהט הין און צוריק און קלאַפּט מיט איהרע פיס) איך וואָלט גע־וואונשען אז דו זאָלסט נאָך היינט ניט פאָהרען.

אללאן. אום זיך דאָ צו טרעפען מיט דעם פאָלקאָווניק?

יודיטה. וואָס ווייסטו פון דעם פאָלקאָווניק? — איז שוין דיין אָבפאָהרען בעשטימט?

אללאן. ס'קען שוין אנדערש ניט זיין. און איך אליין וויל עס אויך. (שווייגען).

יודיטה. וואָרום ווילסט עס גראדע יעצט?

אללאן. איך וויל אוועק פון דאנען, איך וויל ארויס אין דער וועלט!

יודיטה. ס'איז צו ענג דאָ! יא, איך פערשטעה דיך, אללאן, דאָ איז אונערטרעגליך!..... מען ספעקולירט דאָ מיט סאָדע און מיט מענשען! (שווייגען)

יודיטה. (מיט אויפריכטיגע געפיהלען) אללאן, ווי דו ווייסט, האָב איך די גליקליכע נאַטור, ניט צו קענען ליידען — אָבער יעצט פאַנג איך דאָס אָן צו קענען.

אללאן. דו?

יודיטה. יא, יעצט פאַנג איך דאָס אָן! (זי דריקט איהרע הענד צו דער ברוסט) אָה, ווי איך לייד! אָה!....

אללאן. וואָס איז?

יודיטה. איך וויים ניט — איך ווער דערשטיקט! איך גלויב איך וועל שטאַרבען!

אללאן. יודיטה!

יודיט. (שרייט) אָה!... פיהלט מען דען אזוי! פיהלט מען אזוי — אָרימע יונגען.

אללאן. איך וואָלט יעצט בעדאַרפט לאַכען, ווען איך זאָל זיין אזוי גרויזאַם ווי דו.

יודיטה. איך בין ניט גרויזאַם. איך האָב בעסער ניט פערשטאַנען..... פאָהר ניט אוועק!

אללאן. איך מוז!

י ו ד י ט ה. דאַן פאַהר, אַבער לאַז מיר איבער אַן אַנ־דענקונג.

א ל ל א ן. וואָס האָב איך דיר איבערצולאָזען?

י ו ד י ט ה. (מיט אַ טיעפען שמערץ) דו.... ניין, איך וועל דאָס ניט אריבערטראַגען! (שרייט און דריקט זיך מיט די הענד פאר דער ברוסט) איך לייד, איך לייד!.. וואָס האָסטו מיט מיר געמאַכט? איך וויל מעהר ניט לעבען! אַללאַן, געה ניט, ניט אליין! מיר וועלען געהןביידע צוזאַמען — מיר וועלען נעהמען דאָס קליינע שיפעל, דאָס ווייסע, קליינע, און מיר וועלען ארויסזעגלען ווייט מיט הויכע מאַסטען — דער ווינט וועט גוט זיין — און מיר וועלען זעגלען גאַנץ ווייט — ווייט אַוועק דאָרט וואו ס'איז ניטאָ קיין קלעב־קרויט און קיין זשעל־פיש! — וואָס זאָגסטו? רייד! אַבער מיר האָבען געוועזען בעדארפט נעכטען וואַשען די זעגלען — זיי מוזען זיין גאַנץ ווייס — ווייל איך וויל אין דיזען אויגענ־בליק זעהן עטוואָס ווייסעס — און דאַן מוזטו מיך נעהמען אין דיינע ארימס, און מיט מיר ארומשווימען, ביז דו וועסט מיעד ווערען — און דאַן וועלען מיר זינקען — (ווענדעט זיך אום) דאָס וואָלט אויסגעזעהן עהרענהאַפט, פיעל בעסער ווי ארומצוגעהן טרויעריג און אינטריגירען מיט בריעף, וועלכע דער פּאַפּאַ עפענט און לאַכט דאַן פון אונז — אַללאַן (זי נעהמט איהם פאר די אָרימס און טרעסעלט מיט איהם) הערסטו?

א ל ל א ן. (וועלכער האָט זי די גאַנצע צייט בעטראַכט מיט גלאַנצענדע אויגען) יודיטה! יודיטה! וואָרום ביזטו פריהער אזוי ניט געוועזען?

י ו ד י ט ה. איך האָב עס ניט געוואוסט. ווי אזוי האָב איך געקענט זאָגען דאָס וואָס איך האָב ניט געוואוסט?

א ל ל א ן. און יעצט מוז איך אוועק פון דיר!.... אַבער, דאָס איז דאָך דאָס בעסטע, און דאָס איינציגע!.... איך קען דאָך ניט קאָנקורירען מיט אזא מאַן.... ווי....

י ו ד י ט ה. רעד ניט פון פאָלקאָווניק!

א ל ל א ן. איז דאָס דען ניט אמת?

י ו ד י ט ה. ס'איז יאָ אמת — אָבער ס'קען נאָך אויך ווערען ניט אמת?

א ל ל א ן. קען דאָס פּילייכט אויך ווערען אין גאַנצען ניט אמת?

י ו ד י ט ה. יאַ, אין א שעה צייט.

א ל ל א ן. און דו וועסט האַלטען וואָרט? איך קען וואַרטען, איך קען דולדען, איך קען ארבייטען!.... יודיטה!

י ו ד י ט ה. געה נאָך ניט! ווי לאַנג וועל איך דאַרפען וואַרטען?

א ל ל א ן. א יאָהר.

י ו ד י ט ה. (יובילענד) איין יאָהר? איך וועל וואַרטען טויזענד יאָהר, און וועסטו דאַן ניט קומען, וועל איך דאָס הימעל־געוועלב ריקווערטס דרעהען, אזוי אז די זון וועט אויפגעהן אין מערב זייט!... שטיל, אימיצער קומט! — אַללאַן מיר מוזען זיך שיידען.... שטיל נעהם מיך אין דיינע אָרעמס (זיי אומאַרעמען זיך) אָבער יעצט טאָרסטו מיר נאָך קיין קוש ניט געבען. (דרעהט אַוועק איהר קאָפּ) — אַזוי — א יעצט געה! — איצט געה!

א ל ל א ן. (געהט אין הינטער־גרונד, און הענגט אויף זיך אָן דעם מאַנטעל. דאַן פליהען זיי איינער אין דעם צווייטענס אָרימס אַזוי אַז יודיטה ווערט פערשוואונדען אונטער'ן מאַנטעל און קושען זיך. דאַן רייסען זיי זיך אָפּ איינס פון צווייטען, און אַללאַן געהט שנעל אָפּ. יודיטה וואַרפט זיך מיט'ן געזיכט אויף דער סאָפע און שלוכצט, אַללאַן קומט ווידער צוריק און פאַלט נעבען סאָפע אויף די קניה) ניין, איך קען ניט געהן! איך קען יעצט פון דיר ניט אַוועק — ניט יעצט!

י ו ד י ט ה. (הויבט זיך אויף) ווען דו זאָלסט נור קענען זעהן ווי שעהן דו ביזט, ווען דו זאָלסט זיך נור יעצט קענען אָנ־קוקען!

א ל ל א ן. אָה, ניין, א מאַן קען ניט זיין שעהן! אָבער דו יודיטה, דו — אז דו — איך האָב פריהער בעמערקט ווען דו ביזט גוט געוועזן, ביזטו גאָר געוועזן אַן אַנדערע, און די אנדערע איז מיינע!.... אָבער ווען דו זאָלסט יעצט ניט וועלען ווערען מיין אויפריכטיגער חבר, וועל איך שטאַרבען.

י ו ד י ט ה. מיר דאכט זיך אז איך שטארב שוין... אך, ווען איך זאָל יעצט קענען שטארבען, גראדע יעצט ווען איך בין אזוי גליקליך —

א ל ל א ן. אימיצער קומט!

י ו ד י ט ה. זאָלען זיי קומען! איך שרעק זיך אצינד פאר קיינעם ניט אין דער גאַנצער וועלט! איך ווינש זיך נור דו זאָלסט מיך מיטנעהמען מיט זיך אונטער דיין מאַנטעל. (זי בעהאַלט זיך שפּיעלענדיג אונטער זיין מאַנטעל) און מיטפליהען מיט דיר צוזאַמען קיין נאָררלאַנד. אָבער וואָס קענען מיר דאָרט טאָהן אין נאָררלאַנד? מיר וועלען ווערען פעלד-יעגער, אזעלכע וואָס טראָגען פעדערן אין זייערע הוטען... דאָס וואָלט דיר זעהר שעהן געפּאַסט—(זי שפּיעלט זיך מיט זיינע האָר.)

א ל ל א ן. (קושט די שפּיצען פון איהרע פינגער, נאָכהער קושט ער איהרע שיך).

י ו ד י ט ה. וואָס טהוסטו? דיינע ליפּען וועלען שוואַרץ ווערען. (הויבט זיך העפטיג אויף) אָבער ווען דו געהסט, וועל איך דיר מעהר ניט קענען קושען, קום איך וועל מיטגעהן מיט דיר.

א ל ל א ן. ניין, מען קען מיך נאָך דערפאַר ארעסטירען.

י ו ד י ט ה. דאַן וועל איך מיטגעהן מיט דיר.

א ל ל א ן. זיי וועלען דיך ניט לאָזען .... יעצט מוזען מיר זיך שיידען.

י ו ד י ט ה. איך וועל נאָכשווימען נאָך דער שיף. און דאַן ועסטו ארונטערשפּרינגען אין וואסער און מיך רעטען. דאָס וועט שטעהן אין די צייטונגען, און דאַן וועלען מיר זיך פערלאָבען!... זאָלען מיר דאָס אזוי מאכען?

א ל ל א ן. דיר ליגט נאָך אין זינען זיך צו חכמ'ענען?

י ו ד י ט ה. וויינען וועט נאָך אויך זיין צייט אַן אנדערש מאָל — נו, יעצט זאָג: זיי געזונד! (זיי פאַלען איינער אין דעם צווייטענס ארומס. דאַן ציהט זיך אַללאַן צוריק דורך די הינטער-גרונד טיהר, וועלכע בלייבט שטעהן אָפען. יודיטה געהט נאָך הינטער איהם, זיי אומאַרעמען זיך נאָך אַמאָל אין דרויסען אונטערן רעגען).

א ל ל א ן. דו ווערסט פערדרעגענט יודיטה.

י ו ד י ט ה. דאָס קימערט מיך גאַנץ ווייניג! (זיי רייסען זיך אָב איינער פון צווייטען. אַללאַן געהט. יודיטה בלייבט נאָך שטעהן אין רעגען, און פּאַכעט מיט איהר טאַשען טיכעל, דאַן לויפט זי אריין, און וואַרפט זיך אויף דער סאָפע, פערבאָרגענדיג דאָס געזיכט אין איהרע הענד).

א ל י ס ע. (קומט אריין און געהט צו יודיטה׳ן) וואָס איז דיר? דו ביזט קראַנק? שטעה אויף און לאָמיר דיך אָנקוקען.

י ו ד י ט ה. (הויבט זיך אויף).

א ל י ס ע. (בעטראַכט זי געגוי) דו ביזט ניט קראַנק!... און איך וויל דיך ניט טרייסטען (געהט אָב דורך רעכטס).

(דער לייטענאַנט קומט אריין דורכ׳ן הינטער־גרונד)

י ו ד י ט ה. (שטעהט אויף און טהוט אָן איהר קאַפּוזע־מאַנטעל) וואָלט איהר ניט געוואָלט זיין אזוי גוט, הער לייטענאַנט, און מיר בעגלייטען אין טעלעגראַפען סטאַנציאָן.

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען... אָבער איך גלויב ניט צו עס איז פּאַסענד —

י ו ד י ט ה. ס׳מאַכט ניט! זייט אזוי גוט, און געהט פאַראויס!

(זיי געהן ביידע אָב דורכ׳ן הינטער־גרונד)

(דער קאַפּיטאַן און אַליסע קומען אַריין פון רעכטס, דער קאַפּיטאַן אין דיענסט־יוניפאָרם)

ק א פּ י ט א ן. (זעצט זיך אין זיין שטוהל) רוף איהם אריין!

א ל י ס ע. (געהט נאָך לינקס, און עפענט די טיהר, דאַן זעצט זי זיך אויף דער סאָפע).

ק ו ר ט. (פון לינקס) דו ווילסט מיט מיר רעדען?

ק א פּ י ט א ן. (פריינדליך. אָבער בלאָזט אַביסעל פון זיך) יאָ, איך האָב מיט דיר צו רעדען אַפּאָר וויכטיגע ווערטער — זעץ דיך!

ק ו ר ט. (זעצט זיך אויפ׳ן שטוהל לינקס) איך בין געגרייט צו הערען!

ק א פּ י ט א ן. איז גוט! — ווי דו ווייסט איז די קאַראַנטין

סיסטעם ביי אונז פערנאכלעסיגט געוואָרען באַלד אַ גאַנצען יאָהר־הונדערט.... הם !

אַ ל י ס ע. (צו קורטין) דער רייכסטאַג קאַנדידאַט רעדט !

ק אַ פּ יט אַ ן. אָבער אין דער יעצטיגער צייט ווען אַלעס האַלט זיך אַזוי אין ענטוויקלען..... האָט די רעגיערונג בעשלאָסען צו מאַכע געוויסע ענדערונגען — און צוליעב דעם האָבען שוין די געזונדהייטס־דירעקטאָרען ערוועהלט אינספּעקטאָרען — הם...

אַ ל י ס ע. (צו קורטין) ער דיקטירט !

ק אַ פּ י ט אַ ן. און דו מוזט עס וויסען. וואָס פריהער איז אַלץ בעסער, אַז איך בין ערוועהלט געוואָרען אַלס אַ קאַראַנטין־אינספּעקטאָר....

ק ו ר ט. איך גראַטוליר דיך.

ק אַ פּ י ט אַ ן. נאַטירליך, דורך אונזער פערוואַנדשאַפט, וועט אונזער פּערזענליכע פערהעלטנים בלייבען אונפערענדערט. יאַ, איך האָב דיר אויך עפּעס אַנדערש מיטצוטהיילען — אויף מיין פערלאַנג איז דיין זוהן אַליין איבערגענומען געוואָרען אין אַ אינפאַנטעריע־רעגימענט קיין נאָרלאַנד.

ק ו ר ט. אָבער איך וויל דאָס ניט !

ק אַ פּ י ט אַ ן. דיין ווילען איז אונטערוואָרפען, אונטער דער מוטערס וואונש.... און ווייל די מוטער האָט מיר געגעבען די פולע מאַכט צו פאַסען יעדען בעשלוס וועגען איהם, האָב איך דאָס בעשלאָסען.

ק ו ר ט. איך בעוואונדער דיך !

ק אַ פּ י ט אַ ן. איז דאָס אַלעס וואָס דו האָסט צו זאָגען אין דיזען מאָמענט, ווען דו דאַרפסט זיך שיידען מיט דיין זוהן ? האָסטו קיין אַנדערע, איך מיין, ריין מענשליכע געפיהלען ?

ק ו ר ט. דו מיינסט אַז איך דאַרף ליידען ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאָ.

ק ו ר ט. ס'וואָלט דיך געפרעהט, ווען דו זעהסט מיך ליידען, דו ווינשט זיך צו זעהן מיר ליידען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. קענסטו ליידען, דו ?.... איך בין אַמאָל געפאַלען אויפ'ן באָדען און קראַנק געוואָרען — דו ביזט דערביי

געוועזן — און איך קען זיך נאָך יעצט עראינערען — ווי דיין געזיכט האָט דאַן אויסגעדריקט אונפערשטעלטע פרייד.

אַ ל י ס ע. דאָס איז ניט אמת! קורט איז דאַן נעבען דיר געזעסען די גאַנצע נאַכט, און האָט דיך געטרייסט, ווען דיין געוויסען האָט פאַר דיר געמאָלען שוואַרצע בילדער. אָבער באַלד ווי דו ביזט נור געזונד געוואָרען האָסטו זאָגאַר פערגעסען איהם צו דאַנקען.

ק אַ פּ י ט אַ ן. (מאַכט זיך ווי ער הערט ניט וואָס זי זאָגט) אַלזאָ אַללאַן וועט אוועק פון דאַנען.

ק ו ר ט. און ווער וועט פאַר איהם צאָהלען ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. דאָס האָב איך שוין פערזאָרגט. דאָס הייסט מיר, אַ געזעלשאַפט, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט דעם יונגען־מאַנס צוקונפט.

ק ו ר ט. אַ געזעלשאַפט ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. יאַ. און אום דו זאָלסט זיין זיכער אַז אַלעס איז אין בעסטער אָרדנונג קענסטו דורכקוקען דאָס צעטעל, און זיך אליין איבערצייגען. (דערלאַנגט איהם אַ פּאַפּיער)

ק ו ר ט. אַ צעטעל ? (לעזט דאָס צעטעל) דאָס איז דאָך גע־בעטעלט !

ק אַ פּ י ט אַ ן. רוף דאָס ווי דו ווילסט !

ק ו ר ט. ביזט ארומגעגאַנגען בעטלען פאַר מיין זוהן ?

ק אַ פּ י ט אַ ן. ביזטו יעצט ווידער אונדאַנקבאַר ! — אַן אונדאַנקבארער מענש, איז די שווערסטע לאַסט וואָס די ערד טראָגט !

ק ו ר ט. יעצט בין איך טויט בירגערליך !.... און צו מיין קאַנדידאַטור איז אויך אַן ענדע !

ק אַ פּ י ט אַ ן. וועלכע קאַנדידאַטור ?

ק ו ר ט. פאַר די רייכסטאַגס־וואַהל !

ק אַ פּ י ט אַ ן. מיר ווילט זיך גאר ניט גלויבען, צו דו האָסט אפילו געדאַכט וועגען דעם ! און נאָך ווען דו האָסט זיכער געמוזט וויסען אַז איך אַלס עלטערער איינוואָהנער, וועל געווים אַרויס־

שטעלען מיין פערזאָן. און דאָס ווי עס ווייזט אויס האָסטו נאָר ניט אין זינען געהאַט.

ק ו ר ט. נו, דאַן איז דאָס אויך גענענדיגט!

ק אַ פּ י ט אַ ן. אָבער דאָס דאַרף דיך ניט פערדריסען.

ק ו ר ט. יעצט האָסטו שוין אַלעס צוגענומען! ווילסטו נאָך מעהר?

ק אַ פּ י ט אַ ן. האָסטו נאָך עפּעס מעהר? און האָסטו עפּעס מיר פאַרצואוואַרפען? דענק זיך נור איבער גוט,צו דו האָסט מיר עפּעס פאַרצואוואַרפען. (שווייגען)

ק ו ר ט. שטרענג גענומען ניט! אַלעס איז צוגעגאַנגען אמת׳דיג און געזעצליך, ווי צווישען צוויי עהרליכע מיטבירגער אין טעגליכען לעבען!....

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו זאָגסט עס מיט אַזאַ אונטערוואָרפענ־הייט, וועלכע איך וואָלט געקענט אָנרופען ציניש. אָבער דיין גאַנצע נאַטור, מיין ליעבער קורט איז ציניש, און ס׳איז דאָ מאָ־מענטען ווען איך מוז זיך איבער דיר טהיילען מיט אַלים׳עס גע־דאַנק — אַז דו ביזט אַ היפּאָקריט — און אַ היפּאָקריט, ערשטע קלאַס!

ק ו ר ט. (רוהיג) איז דאָס אַלים׳עס מיינונג?

אַ ל י ס ע. (צו קורט׳ן) אַמאָל האָב איך געהאַט אַזאַ מיינונג אָבער ניט איצט. ווייל דאָס דורכמאַכען וואָס דו האָסט געהאַט דורכצומאַכען, דאַרף מעןווירקליך זיין אַ העלד.

ק אַ פּ י ט אַ ן. יעצט גלויב איך קענען מיר שוין שליסען די דיסקוסיאָן. געה קורט, און געזעגען זיך מיט אַללאַן׳ן — ווייל ער רייזט אָפּ מיט׳ן נעקסטען דאַמפּפער.

ק ו ר ט. (הויבט זיך אויף) שוין? נון, איך האָב שוין ערגערס דורכגעמאַכט.

ק אַ פּ י ט אַ ן. דו זאָגסט עס אַזוי אָפּט, אַז מיר ווילט זיך פרעגען, וואָס האָסטו אַזוינס דורכגעמאַכט אין אַמעריקאַ?

ק ו ר ט. וואָס איך האָב דורכגעמאַכט? אומגליקען! און יעדער מענש האָט דאָס אונבעשטרייטבאַרע רעכט געטראָפען צו ווערען פון אומגליק.

ק א פּ י ט א ן. (שאַרף) ס'איז פאַראן זעלבסט־פערשולדיגטע אומגליקען! איז דיינע פון די געווען?

ק ו ר ט. דאָס איז אַ געוויסענס־פראַגע!

ק א פּ י ט א ן. (קורץ) האָסטו אַ געוויסען, דו?

ק ו ר ט. ס'איז דאָ וועלף, און ס'איז דאָ שעפסען. ס'איז ניט קיין מענשליכע עהרע צו זיין אַ שעפּס, אָבער איך וועל דאָס בעסער זיין ווי צו זיין אַ וואָלף.

ק א פּ י ט א ן. אנערקענסטו נאָך אַלץ ניט די אַלטע וואהר־הייט, אז יעדער מענש איז דער שמיעד פון זיין אייגענעם שיקזאַל?

ק ו ר ט. איז דאָס אַ וואַרהייט?

ק א פּ י ט א ן. און ווייסטו ניט, אז אַ מאַנס אייגענע קראַפט....

ק ו ר ט. יאָ, איך קען זי, זינט יענער נאַכט ווען דיין איי־גענע קראַפט האָט דיך פערלאָזען, און דו ביזט געפאַלען אויפ'ן באָדען.

ק א פּ י ט א ן. (ערהויבט זיין שטימע) יאָ גיב אַ קוק אויף מיר — איך האָב פופציג יאָהר געקעמפפט געגען אַ וועלט — אָבער אם ענדע האָב איך דאָס שפּיעל געוואונען, דורך געדולד, טרייקייט, ענערגי און גערעכטיגקייט!

ק ו ר ט. דאָס דאַרפסטו לאָזען פאַר אַנדערע צו זאָגען.

ק א פּ י ט א ן. די אַנדערע טהוען דאָס קיינמאָל ניט, ווייל זיי זיינען אייפערזיכטיג! אונטערדעסען — מיר ערוואַרטען בעזוך. מיין טאָכטער יודיטה וועט זיך היינט טרעפען מיט איהר צוקינפטיגען.... וואו איז יודיטה?

א ל י ס ע. זי איז אין דרויסען.

ק א פּ י ט א ן. אין אַזאַ רעגען? שיק איהר רופען!

ק ו ר ט. קען איך שוין פילייכט געהן?

ק א פּ י ט א ן. ניין, וואַרט!.... איז יודיטה אָנגעטאָהן? — אַנשטענדיג?

א ל י ס ע. יאָ האָסטו אַ בעשטימטע וואָרט פון'ם פאָלקאָוו־ניק אז ער קומט?

קאפיטאן. (הויבט זיך אויף) יא, דאס הייסט, ער וויל אונז איבערראשען.... איך ערוואַרטע יעדען אויגענבליק א טעלע־גראמע פון איהם, (געהט נאך רעכטס) איך וועל באלד דא זיין צוריק. (אָב)

אליסע. יעצט זעהסטו איהם אין גאנצען ווי ער איז. איז דאס א מענש ?

קורט. ווען דו האסט מיך דאס ערשטע מאל געפרעגט, האב איך געזאגט : ניין ! יעצט אבער גלויב איך אז ער איז איינער פון די ערגסטע מענשען וואס די ערד טראגט.... פילייכט זיינען מיר אויך איינע פון זיי.

אליסע. ער האט דיך און דיין פאמיליע לעבעדי־גערהייד אויפגעפרעסען, און יעצט פערטיידיגסטו איהם נאך ?

קורט. איך האב שוין ערגערס דורכגעלעבט... און דיזער מענשען־פרעסער האט מיין זעלע געלאזען אונבעריהרט — זי האט ער ניט געקענט פערשלינגען !

אליסע. וואס האסטו פאר א „ערגערס" דורכגעמאכט ?

קורט. דו פרעגסט עס ?

אליסע. דו ווילסט זיין אונהעפליך ?

קורט. ניין, איך וויל דאס ניט — און דערפאר — פרעג מיך דאס ניט נאך אמאל !

קאפיטאן. (פון רעכטס) די טעלעגראמע איז שוין דארט געלעגען. — זיי אזוי גוט אליסע און לעז זי איבער פאר מיר, איך זעה ניט ! (זעצט זיך שטאָלץ אויף זיין שטוהל) לעז ! — קורט, דו דארפסט ניט געהן, דו קענסט אויך דא בלייבען.

(אליסע לעזט צוערשט שטיל — זעהט אוים דערשלאָגען)

קאפיטאן. נו, געפעלט עס דיר ניט ?

(אליסע שווייגט און קוקט איהם שטארק אָן)

קאפיטאן. (איראָניש) פון וועמען איז דאס ?

אליסע. פון דעם פאלקאָווניק !

קאפיטאן. (צופריעדען) איך האב זיך דאס טאקע פארגעשטעלט ! — און וואס זאגט דער פאלקאָווניק ?

אליסע. ער זאגט : „דורך די עזות'דיגע מיטהיילונג, פון

פריילין יודיטה, דורכ'ן טעלעפאָן, בעטראַכט איך די בעציהונג פאַר אַבגעבראָכען — פאַר אימער!" (זי קוקט אויפ'ן קאַפּיטאַן)

קאַפּיטאַן. לעז עס איבער נאָך אַמאָל, אויב דו ווילסט זיין אַזוי גוט!

אליסע. (לעזט שנעל) „דורך די עזות'דיגע מיטהיילונג, פון פריילין יודיטה, דורכ'ן טעלעפאָן, בעטראַכט איך די בעציהונג פאַר אַבגעבראָכען — פאַר אימער!"

קאַפּיטאַן. (ווערט בלאַס) דאָס איז יודיטה!

אליסע. און דאָ איז אליפארנוס!

קאַפּיטאַן. און וואָס ביזטו?

אליסע. דאָס ווּעסטו שוין באַלד זעהן!

קאַפּיטאַן. דאָס איז דיין ארבייט!

אליסע. ניין!

קאַפּיטאַן. (צאָרנדיג) דאָס איז דיין ארבייט!

אליסע. ניין!

קאַפּיטאַן. (פערזוכט זיך אויפצוהויבען, און ארויסציהען דעם זעבעל, פאַלט אָבער צוריק, געטראָפען פון שלאָג)

אליסע. יעצט האָסטו דיינס בעקומען! —

קאַפּיטאַן. (רעדט מיט אַ וויינענדיגער שטימע ווי אַן אַלטער מאַן) זיי ניט בייז אויף מיר! איך בין זעהר קראַנק!

אליסע. דו ביזט? דאָס פרעהט מיך צו הערען!.....

קורט. לאָמיר איהם לעגען אין בעט.

אליסע. ניין איך וויל זיך צו איהם ניט צו ריהרען. (קלינגט)

קאַפּיטאַן. (ווי פריהער) זייט ניט בייז אויף מיר. (צו קורט'ן) זעה גיב אכטונג אויף מיינע קינדער.

קורט. דאָס איז זאָנדערבאַר! איך זאָל אכטונג געבען אויף זיינע קינדער, און מיינע האָט ער פון מיר גע'גנב'עט!

אליסע. די זעלבסט־פערבלענדונג!

קאַפּיטאַן. גיב אכטונג אויף מיינע קינדער, (רעדט עפּעס ווייטער אונדייטליכעס. בלוב־בלוב־ בלוב־בלו...)

אליסע. ענדליך איז דיזע צונג שטעהן געבליבען! —

קען זיך מעהר ניט ריהמען, מעהר קיין ליגענס ניט זאָגען, און מעהר ניט פערוואונדען ! — דו קורט, וועלכער גלויבסט אין גאָט, דאנק איהם אין מיין נאָמען ! דאנק איהם וואָס ער האָט מיך בע־פרייט פון׳ם טורם, פון׳ם וואָלף און פון׳ם וואמפיר !

ק ו ר ט. ניט אזוי אליסע !

א ל י ס ע. (מיט איהר געזיכט נאָהענט צו קאָפּיטאַנס) וואו איז דיין אייגענע קראפט ? זאָג מיר ? און דיין ענערגיע ? (דער קאַפּיטאַן קען ניט רעדען, שפּייט ער איהר אין געזיכט) אָה, דו קענסט נאָך שפּייען, דו גיפטיגע שלאַנג, וועל איך דיר די צונג פון האַלז ארויסרייסען ! (גיט איהם אַ פּאַטש) דער קאָפּ איז שוין ארונטער, נור ער רויטעלט נאָך אביסעל !... אָה יודיטה, הערליכעס קינד, ווען איך האָב געטראָגען אונטער מיין הארצען ראכע צו נעהמען פאַר מיר, דו, דו האָסט אונז אלעמען בעפרייט... האָסטו נאָך מעהר קעפּ, הידרא, דאַן וועלען מיר זיי אויך נעהמען! (ציהט איהם ביי דער באָרד) זעה, עס איז דאָ גערעכטיגקייט אויף דער ערד! צייי־טענווייז האָב איך דערפון געטרוימט, אָבער ס׳האָט זיך מיר דאָס קיינמאָל ניט געוואָלט גלויבען. קורט בעט גאָט, ער זאָל מיר פער־צייהען, פאַר מיין ניט גלויבען אין איהם. אָה, ס׳איז דאָ גע־רעכטיגקייט ! איך וועל יעצט ווערען אַ שעפּס, זאָג דאָס איהם, קורט ! אביסעל גליק מאַכט אונז בעסער, אָבער נור אונגליק מאַכט אונז פאַר וועלף !

(דער לייטענאַנט קומט אריין דורכ׳ן הינטער־גרונד)

א ל י ס ע. דעם קאַפּיטאַן האָט דער שלאַג געטראָפען, העלפט אונז זייט אזוי גוט, איהם ארויספיהרען מיט דעם שטוהל !

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. גנעדיגע פרוי.

א ל י ס ע. וואָס איז ?

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. יאָ, פריילין יודיטה —

א ל י ס ע. העלפט אונז צוערשט דאָס ! נאָכהער וועט איהר קענען ריידען פון פריילין יודיטה. (דער לייטענאַנט פיהרט ארויס דעם שטוהל רעכטס)

א ל י ס ע. ארויס מיט דעם טויטען קערפּער ! ארויס דער־מיט ! מען דאַרף עפענען די טיהרען, דאָס פּלאַץ דאָ מוז גע־

לופטערט ווערען! (זי עפענט די הינטער־גרונד טיהרען; אין דרויסען האָט זיך אויסגעלויטערט)

ק ו ר ט. ווילסטו איהם פערלאָזען?

א ל י ס ע. א צובראָכענע שיף פערלאָזט מען, און דאָס שיפס־פאָלק רעטעט זיך!.. איך וויל ניט זיין די היטערין פון א פוילענדע היה. זאָלען די לייכען־טרעגער און די דינער פון אנאטאָמישען לאַבאָראַטאָריום מיט איהם פארטיג ווערען! א גאָרטען בייט איז צו גוט פאר אזא טאַטשקע פערפוילטע שמוץ! יעצט געה איך זיך אבוואשען און אָבבאָדען, אום ריין צו ווערען פון דיזען שמוץ — ווען איך זאָל נאָר קענען אמאָל ריין ווערען!

(יודיטה ווייזט זיך אין דרויסען נעבען דער טעראסע, זי שטעהט און פאָכעט מיט א טאַשען־טיכעל צום ים)

ק ו ר ט. ווער איז דאָרט? יודיטה! (רופט) יודיטה!

י ו ד י ט ה. (קומט אריין שרייט) ער איז אוועקגעפאָהרען!

ק ו ר ט. ווער?

י ו ד י ט ה. אללאַן, איז אוועקגעפאָהרען!

ק ו ר ט. ניט געזעגענד זיך?

י ו ד י ט ה. מיר האָבען זיך געזעגענט און דיך אָנקעל האָט ער געלזט גריסען.

א ל י ס ע. אָה, דאָס איז עס געווען.

י ו ד י ט ה. (וואַרפט זיך קורט'ן אין די ארימס) ער איז אוועקגעפאָהרען!

ק ו ר ט. ער וועט נאָך צוריק קומען, מיין ליעב קינד.

א ל י ס ע. אָדער מיר וועלען איהם נאָכפאָהרען.

ק ו ר ט. (מיט א צייכען צו דער רעכטער טיהר) איהם פערלאָזען? — וואָס וועט די וועלט...

א ל י ס ע. די וועלט! ווֶעמען ארט דאָס!.... יודיטה קום נעהם מיך אין דיינע ארימס!

(יודיטה געהט צו צו אליסען, וועלכע גיט איהר א קוש אויפ'ן שטערען)

א ל י ס ע. ווילסטו נאָכפאָהרען?

י ו ד י ט ה. דו קענסט דאָס נאָך פרעגען?

א ל י ס ע. דער פאפא איז אָבער קראנק.

י ו ד י ט ה. וואָס קימערט דאָס מיך !

א ל י ס ע. דאָס איז יודיטה ! — אָה, ווי איך ליעב דיך יודיטה !

י ו ד י ט ה. איבעריגענס, פאפא איז ניט שלעכט... און איך גלויב גאָר ניט צו ער וועט נאָך מיר בענקען, נאָך דער געשיכטע מיט'ן טעליפאָן ! — יאָ, ווארום זאָל ער מיך וועלען פערהייראטען מיט אזא אַלטען מאן ? ניין, איך וויל ניט. אַללאָן, אַללאָן ! (ווארפט זיך קוירט'ן אין די ארימס) איך וויל געהן צו אַללאָן ! (רייסט זיך ארויס פון זיינע ארימס, לויפט ארויס, און פאנגט אָן צו פאָכען מיט דעם טאשען־טיכעל)

ק ו ר ט. (פאָלגט איהר נאָך, און פאָכעט אויך מיט זיין טאשען־טיכעל).

(דער לייטענאַנט קומט צוריק אריין פון רעכטס)

א ל י ס ע. נו ?

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. יאָ, פריילין יודיטה....

א ל י ס ע. איז עס אזוי ליעבליך צו פיהלען, די בוכשטאבען פון איהר נאָמען אויף אייערע ליפען, אז דאָס קען אייך מאכען פערגעסען אָן איינעם וועלכער האָט ביים שטארבען ?

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. יאָ, זי האָט געזאָגט.....

א ל י ס ע. זי ?זאָגט בעסער יודיטה ! — אָבער צוערשט ווי האָט דאָס מיט איהם דאָרט ?

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. יאָ, מיט איהם... ער איז טויט !

א ל י ס ע. טויט ! — אָה גאָט איך דאנק דיר אין מיינעם און אין דער מענשהייטס נאָמען, וואָס דו האָסט אונז בעפרייט פון דער בייזער זאך... גיט מיר אייער ארים, זייט אזוי גוט — איך וויל ארויס און אויפאָטעמען — אויפאָטעמען ! (דער לייטענאַנט באָט איהר אָן זיין ארים ; אַליסע האָלט זיך צוריק) האָט ער עפּעס גערעדט, איידער ער איז געשטאָרבען ?

ד ע ר ל י י ט ע נ א נט. פריילין יודיטה'ס פאָטער, האָט נאָר געזאָגט עטליכע ווערטער !

א ל י ס ע. וואָס האָט ער געזאָגט ?

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. ער האָט געזאָגט : „פערצייהט זיי, ווייל זיי ווייסען ניט וואָס זיי טהוען".

א ל י ס ע. אונבעגרייפליך !

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. יאָ, פריילין יודיטה'ס פאָטער איז געווען אַ גוטער און אַן עדעלער מענש.

א ל י ס ע. קורט !

ק ו ר ט. (קומט אריין).

א ל י ס ע. ער איז טויט !

ק ו ר ט. אך !......

א ל י ס ע. ווייסטו וואָס זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען ? ניין, דו ווייסט ניט ! „פערצייהט זיי, ווייל זיי ווייסען ניט וואָס זיי טהוען".

ק ו ר ט. קענסטו דאָס איבערזעצען ?

אַ ל י ס ע. איך גלויב, ער האָט דערמיט געמיינט, אַז ער האָט אימער צו געהאַנדעלט ריכטיג, און איז געשטאָרבען ווי איינער נעגען וועמען דאָס לעבען, איז אַ גרויסען אונרעכט בעגאַנגען.

ק ו ר ט. איך בין זיכער, אז מען וועט האַלטען איבער איהם אַ שעהנע לייבען־רעדע.

אַ ל י ס ע. און ס'וועט אויך זיין אַ סך בלומען־קרענץ — פון די אונטער אָפיצירען.

ק ו ר ט. יאָ !

אַ ל י ס ע. מיט אַ יאָהר צוריק האָט ער אונגעפעהר געזאָגט אזוי : „ס'זעהט אוים ווי דאָס לעבען וואָלט זיין אַ שוידערהאַפטער שפּאַס.

ק ו ר ט. מיינסטו דערמיט צו זאָגען, אַז ער האָט מיט אונז געטריבען שפּאַס ביז דער לעצטער מינוט פון זיין טויט?

אַ ל י ס ע. ניין, אָבער יעצט, ווען ער איז טויט, פיהל איך אַ זאָנדערבאַרע לוסט, פון איהם צו ריידען גוט.

ק ו ר ט. קום, לאָמיר דאָס טאָהן !

ד ע ר ל י י ט ע נ א נ ט. פריילין יודיטה'ס פאָטער איז געווען אַ גוטער און אַן עדעלער מענש !

אַ ל י ס ע. (צו קורט'ן) דו הערסט !

ק ו ר ט. „זיי ווייסען ניט וואָס זיי טהוען" וויפיעל מאָל האָב איך דיר געפרעגט, אויב ער ווייס וואָס ער טוהט. אָבער דו האָסט דאָך אויך ניט געגלויבט, אז ער ווייס. דערפאר פערצייה איהם !

אַ ל י ס ע. רעטיניסען ! רעטיניסען !.... אָבער זעה, עס איז יעצט פריעדען אין הויז, דער וואונדערבארער פריעדען פון טוידט. וואונדערבאר, ווי די פייערליכע אונרוה, ווען אַ קינד קומט אויף דער וועלט. איך הער דאָס שווייגען... און זעה אויפ'ן באָדען די צייכענס פון שטוהל, וואָס האָט איהם אַוועקגעטראָגען פון דאַנען. און איך פיהל, אז יעצט איז אויך מיין לעבען געענדיגט, און אז אויך איך פאַנג שוין אָן אנטקעגען צו געהן דעם וועג פון פערניכטונג ! ווייסטו, ס'איז מאָדנע, אָבער די איינפאַכע ווערטער פון'ם לייטענאַנט — און ער האָט זיי אויך איינפאַך געזאָגט — פער־פאָלגען מיך, און זיינען יעצט ערנסט געוואָרען, מיין מאַן, מיין יוגענד־געליעבטער — יאָ קענסט לאַכען ! — איז נאָך אלעמען געווען אַ גוטער און עדעלער מאַן !

ק ו ר ט. נאָך אלעמען ! און אַ בראַווער — ווייל ער האָט געקעמפפט פאַר זיינע און פאַר זיין פאַמיליעס עקזיסטענץ !

אַ ל י ס ע. וויפיעל זאָרגען, וויפיעל ערניעדערונגען, פלעגט ער דורכשטרייכען — אום צו קענען געהן ווייטער !

ק ו ר ט. יאָ ער האָט פיעל געליטען — אליסע געה דאָרט צו איהם אריין !

אַ ל י ס ע. ניין, איך קען ניט, ווייל ווערענד מיר האָבען דאָ פון איהם גערעדט, איז דאָס בילד פון זיין יוגענד פאַר מיר אויפגעשטאַנען — און איך זעה איהם איצט, ווי איך האָב איהם געזעהן ווען ער איז אלט געווען צוואַנציג !... איך האָב דעם מאַן זיכער געליעבט !

ק ו ר ט. און געהאַסט.

אַ ל י ס ע. און געהאַסט !... פריעדען צו איהם ! (זי געהט צו צו דער רעכטער טיהר און בלייבט שטעהן מיט צוזאַמענגעלעגטע הענד ווי צו אַ געבעט)

ע נ ד ע.